פראָלעטאַריער אַלער לענדער, פֿעראייניגט אייך!
דער אַלגעמ. אידישער אַרבייטערבונד אין ליטא, פוילען און רוסלאַנד.

# די מעשה
# פון פיער ברידער.

(2־טע אויפֿלאַגע).

אַרויסגעגעבען פֿון
אלגעמיינעם אידישען אַרבייטערבונד
אין ליטא, פוילען און רוסלאַנד

זשענעווו.
דרוקעריי פֿון אַלגעמיינעם אידישען אַרבייטערבונד (בונד).
נאָוועמבער 1904 יאַהר

פראָלעטאַריער אַלער לענדער, פֿעראייניגט אייך!

דער אַלגעמ. אידישער אַרבייטערבונד אין ליטא, פוילען און רוסלאַנד.

# די מעשה

# פון פיער ברידער.

(2-טע אויפלאַגע).

אַרויסגעגעבען פֿון

אַלגעמיינעם אידישען אַרבייטערבונד

אין ליטא, פוילען און רוסלאַנד.


זשענעווע.

דרוקעריי פֿון אַלגעמיינעם אידישען אַרבייטערבונד (בונד).

נאָוועמבער 1904 יאָהר.

# די מַעשה פוּן פּיער ברידער.



## I

## אין וואַלד.

מען דערצעהלט אַזאַ מין מַעשה (איך קען אייך ניט זאָגען אַקוראַט, ווען און וואו זי האָט פּאַסירט, נאָר מען זאָגט, אַז ניט זעהר לאַנג און מאַקי ביי אונז אין רוסלאַנד): פּיער ברידער האָבען געוואָהנט אין אַ וואַלד, אין אַ גרויסען אַלטען געדיכטען וואַלד, ווייט פוּן מענשען און ווייט פוּן דער וועלט. טיעף אין וואַלד האָבען זיי זיך אויסגעהאָדעוועט, אויסגעוואַקסען, קיין מאָל אַ לעבעדיגען מענשען אין די אויגען ניט געזעהען און פוּן דער וועלט גאָרנישט געוואוסט. ווי זיי זיינען אין וואַלד געקומען? ווי אַזוי זיי האָבען דאָרט אָבגעלעבט אַ צייט מיט יאָהרען?—אויף אַזעלכע שאלות, זעהט איהר, קען איך אייך קיין ריכטיגען ענטפער ניט געבען. נאָר, ערשטענס, איז דאָס צו אונזער מַעשה גאָר ניט נוגע, און צווייטענס, ווייסט איהר דאָך גלאַט, אַז אויף אַ מַעשה פרעגט מען קיין קשיה ניט.

די פּיער ברידער האָבען זיך געלעבט אין וואַלד זעהר פריינדליך, דעם לעצטען ביסען—ווי מען זאָגט—געטיילט אויף העלפט, דעם לעבען קאַפּאַבעל געווען אַוועקצולייגען איינער פאַר דעם צווייטען. זיי האָבען זיך אַלע אין איינעם געוואָהנט אין אַ'ן אייגענער הייזעל, וואָס זיי האָבען אַליין אויסגעבויט, געלעבט האָבען זיי—ווי וואַלד-מענשען בכלל—פוּן געיעג; יעדען טאָג פלעגען אַוועקגעהען די דריי עלטערע ברידער מיט די כלי-זין אין וואַלד, הרג'ענען אַ חיה, אַ פויגעל צום עסען; דער אינגערער ברודער פלעגט בלייבען אין דער היים פיהרען די בעל-הבית'ישקייט: הייצען, קאָכען, באַקען א. ז. וו.

און אַזאַ לעבען, אַ שטילען, אַ רוהיגען, האָבען די ברידער געפיהרט אַ צייט מיט יאָהרען. ווער האָט געוואוסט דעם מין פוּן זאָרג, פוּן קאָפּ-דרעהעניש, פוּן ניט האָבען אויף די הוצאה? אמת, זיי האָבען אויך ניט געוואוסט פוּן ווייך, פוּן סאַמעט, פוּן שוואַרצע רעק מיט ווייסע שניפּסען און נאָך אַזעלכע מיני לוקסוס, אָבער זיי האָט דאָס מאַקי געפעהלט ווי אַ פינפטע ראָד צום וואָגען, זיי האָבען אפילו ניט געוואוסט, אויב עס זיינען פאַראַנען נאָך מענשען אויף דער וועלט אַחוץ זיי.

אַ מאָל זיינען די עלטערע דריי ברידער, ווי געוועהנליך, אַוועקגעגאַנגען אין וואַלד אויף געיעג: זיי געהען און שמועסען זיך אַזוי פֿריינדליך: מיט אַ מאָל, נאַ! — ענטגעגען געהט אַ בער און אַ גרויסער. נו, מילא, אַ בער — איז אַ בער, אַ גרויליבער גאַסט (דאָס, פֿערשטעהט איהר מיך, זיינען געווען ניט אַזעלכע אידלעך ווי אַ „גאַש בראַט", וואָס קליינערהייט שטיקט מען זיי אין חדר און גרויסערהייט אין „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי" — וואו אַ איד מעג וואָהנען — און מילא ציטערט מען אַ נאָז אַרויסצושטעקען, ווען עס איז עפּעס אַ האָר ניט אַזוי; דאָס זיינען געווען אידען פֿרייע און פֿראַנקע פֿון קליינווייז אויף). אַ בער — איז אַ בער, אַ גרויסער — נאָך בעסער: מעהר פֿלייש און אַ גרעסערער פעלץ.

די ברידער האָבען זיך שוין גענומען פֿאַר די כלי־זין, אָבער דער בער איז אויך, מעשה שטן, קיין נאַר ניט געווען און האָט גלייך געמאַכט די פליטה: די ברידער האָבען זיך געלאָזט לויפֿען תיכף נאָך איהם, ער לויפֿט און זיי נאָך איהם, ער לויפֿט און זיי נאָך איהם — אַ גאַנצען העלען טאָג, ניט צו כאַפּען איהם, כאָטש דו נעהם און ד'ווייס וואָס! די ברידער זיינען נאָכגעלאָפֿען, נאָכגעלאָפֿען, ביז זיי זיינען געקומען פֿערמאַטערטע, פֿערסאָפּעטע צו אַ הויכען באַרג. דער בער האָט אַ סך ניט געקלערט: אַ שפּרונג און דעם אַנדערען — אויף׳ן באַרג און אין וואַלד און ווי אין וואַסער!... די ברידער זיינען עפּעס געבליבען שטעהען אָבהענדיג. וואָס זאָל מען דאָ טהאָן? דראַפּען זיך אויף׳ן באַרג איז אונמעגליך: מען האָט זיך לויפֿענדיג פֿון די כחות אויסגעשלאָגען, און גלאַט אַזוי אַרויסלאָזען אַזאַ העכט פֿון די הענד איז אויך אַ פֿערדרוס. נאָר וואָס קען מען מאַכען? ליגען זיך און שטאַרבען איז ניט כדאי און אגב איז שוין געוואָרען שפּעט דרויסען: מען דאַרף שוין קלעהרען וועגען דער היים.

די ברידער האָבען זיך צוגעזעצט אַ ביסעל אָברוהען און האָבען זיך שוין גענומען צוקליבען געהען אַ היים. ערשט, נאַ דיר! קיינער ווייס דעם וועג ניט: נאָכלויפֿענדיג נאָך דעם בער האָבען זיי פֿערבלאָנדזשעט אין וואַלד און וויסען ניט, וואו זיי זיינען. וואָס זאָל מען דאָ טהאָן? אַ שלעכטע מעשה!

„ווייסט איהר וואָס, ברידער, — האָט זיך אָבגערופֿען ראובן, דער עלטערער ברודער, — מען דאַרף ווי עס איז אַרויף אויף׳ן באַרג און פֿון דער הויך אויסזעהען דעם וועג אַ היים".

געזאָגט — און געטהאָן. ער איז אפילו געווען זעהר אָבגעמאַטערט, נאָר וואָס פֿאַר אַ תירוץ — ער איז תיכף אַרויף אויף׳ן באַרג.

שמעון און דוד, די אינגערע צוויי ברידער, זיינען געבליבען שטעהען אונטען, וואַרטען, אַז ראובן וועט אַראָב מיט אַ ידיעה פֿון באַרג.

זיי וואַרטען אַ שעה — ניטאָ ראובן, צוויי — ניטאָ. זיי איז עפּעס געוואָרען מוקשה׳דיג. וואָס איז פֿאָרט מיט איהם די מעשה? אפשר האָט זיך מיט איהם געטראָפֿען אַ סבה, חלילה?

ביי זיי איז געבליבען, אַז שמעון זאָל אַרויף אויף׳ן באַרג זעהען, וואָס איז פֿאָרט מיט ראובן׳ען, שמעון האָט זיך געוועהנליך ניט געלאָזט בעטען און

איז גלייך אַרויף אויף'ן באַרג; דוד איז געבליבען אַליין וואַרטען אויף די ברידער. עס האָט איהם נעבעך דערעסען וואַרטענדיג, ער האָט שוין זיינע אויגען אויסגעקוקט, קוקענדיג אויף'ן באַרג—און די ברידער זיינען אַלץ ניטאָ. עס האָט איהם פערקוועטשט די האַרץ און ער האָט זיך צואוויינט.

מיט אַ ביטערער האַרץ און מיט פערוויינטע אויגען האָט ער גענומען קלעטערען אויף'ן באַרג, העכער און העכער, ער קוקט אַרויף, אין די וויטען, צווישען די בוימער—ניטאָ די ברידער! „ראובן! שמעון! א-או!-או!”, שרייט ער מיט'ן גאַנצען כח, „ראובן! שמעון! א-או-או!” ענטפערט דער וואַלד פון אַלע זייטען, און פון די ברידער איז אין קול ואין עונה, ווי מיט וואַסער פערגאָסען.

דוד האָט זיך ווידער שטאַרק צואוויינט, נאָר וואָס העלפט מען מיט טרערען? ער האָט זיך שוין פון זיי במעט ווי מיאש געווען. — ער איז אַרויף אויף אַ שפיץ בוים אויסזעהען פאַר זיך אַ וועג.

ערשט פון שפיץ בוים האָט ער דערזעהען נסים ונפלאות!

ער האָט דערזעהען, אַז עס איז דאָ נאָך אַ גאַנצע וועלט איבער דעם וואַלד—און וואָס פאַר אַ וועלט? אַ וועלט מיט וועלטעלעך, ווי מען זאָגט. ער האָט דערזעהען פעלדער מיט אַלערליי תבואות, סטאַדעס מיט בהמות, ציגען, שעפסען, חזירים: דערפער דאָ און דאָרטען, און גלאַטע, גוטע וועגען פון איין דאָרף צו דעם צווייטען, אויף וועלכע עס פאָהרען פערד און געהען מענשען הין און צוריק. נאָך ווייטער האָט ער דערזעהען אַ שטאָט מיט הויכע דרייגאָרענדיגע הייזער, מיט גאָלדענע שפיצען, וועלכע עס לייכטען פון די לעצטע זון-שטראַהלען, ווי די שטערען אין הימעל און—וואָס עס האָט איהם מעהר ווי אַלץ געוואונדערט—מענשען שנאָרען דאָרט גאָר אָהן אַ שיעור.

דאָס האָט איהם אַזוי שטאַרק פעראינטערעסירט, ער האָט זיך אַזוי פערקוקט, אַז ער האָט זיך לגמרי פערגעסען, וואו ער איז אין דער וועלט: ער האָט פערגעסען די ברידער, ער האָט פערגעסען, אַז ער זיצט אויף אַ בוים — ביז די זון איז שוין אונטערגעגאַנגען...

— אָט איז אַ ביסעל אַ וואונדער! האָט ער אויסגעשריען, ענטציקט.

— וואונדער! האָט זיך איינער אָבגערופען פון אַ צווייטען בוים, מען קען זיך גאָר ניט אָבקוקען!

— פלאי פלאים! האָט מען אויסגעשריען פון אַ דריטען בוים.

דוד האָט אַ קוק געטהאָן אַרום זיך, ערשט די ברידער זיצען אויף די בוימער. זיי האָבען זיך אויך, ווי ער, שטאַרק פערקוקט און פערטיעפט, אַז זיי האָבען גאָר ניט געהערט, ווי ער האָט געשריען, ווי ער האָט זיי גערופען.

די ברידער זיינען אַראָב פון די בוימער, צוקישט זיך פאַר פרייד און אַוועק אין איינעם אַ היים, ריידענדיג וועגען דער נייער וועלט, וואָס זיי האָבען דערזעהען.

— דאָרט מוז מען גוט לעבען, האָט ראובן געזאָגט: אַזעלכע פעלדער, אַזעלכע הייזער, אַזעלכע גוטע וועגען, אַזוי פיעל בהמות; דאָרט דאַרף מען ניט

נאָכדיפּען אַ גאַנצען טאָג נאָך אַ בער און בײ דער נאַכט קומען אַ הײם מיט רײדיגע הענד, צװײ־פיסיגע—װי די הײשעריקען. עס האָט עפּעס אַ װערדע בײ אַזאַ עולם אָבטהאָן אַ גרױסע שטיקער אַרבײט: דורכלײגען אַ װעג, אױסבױען אַ גרױסע הױז, אָנקרײבען אַ כך בהמות? אַ קלײניגקײט - אַזױ פיעל מענשען צוזאַמען!

קומענדיג אַ הײם האָבען זײ דערצעהלט יעקב׳ן, דעם אינגערען ברודער, אַלץ, װאָס זײ האָבען געזעהען. בײ אין רעכטען פריה־מאָרגען זײנען זײ געזעסען און גערעדט װעגען דער נײער װעלט, װעלכע עס האָט זיך זײ ענטדעקט. און אין גיכען האָבען זײ דערפיהלט אַ בײנקעניש נאָך איהר, זײ האָט זיך פערװעלט לעבען, טהאָן און אַרבײטען און איהר מיט יענע גליקליכע צװײ־פיסיגע צוזאַמען.

און װען די ערשטע זון־שטראַהלען האָבען זיך בעװיזען, זײנען זײ שױן געשטאַנען גרײט אין װעג—אַהין, צו דער בעסערער װעלט, צו די גליקליכערע מענשען.

אין אַ פּאָר טעג אַרום זײנען זײ אַרױס פון װאַלד אױף׳ן פרײען װעג. עס האָבען זיך זײ עפּעס די אױגען געעפענט און די הערצער האָבען בײ זײ גע־קלאַפּט שטאַרקער װי געװעהנליך...

װײטער װעג האָט דורכגעשניטען אַ קאָרען־פעלד. די זאַנגען האָבען פון בײדע זײטען װעג גענײגט זיך אין געװהנגען, אַקוראַט װי זײ װאָלטען די ברי־דער געזאָגט אַ „גוט־מאָרגען״ מיט אַ הן׳עװדיגען שמײכעלע. די ברידער זײנען געװען העכסט פערװאונדערט פון אַלץ, װאָס זײערע אױגען האָבען געזעהען, און פאַר װאונדער און התפעלות זײנען זײ געגאַנגען שטיל, שװײגענדיג, פער־טיעפט יעדער אין זיך אַלײן.

נאָר װײטער שטיל שװײגען האָט צושטערט אַ רעדע פון רעדער און אַ הױ־ךשען פון אַ פערד: עס איז אינטערגעפאָהרען אַ אידעלע, אַ ישוב׳ניק אױף אַ מאָגערינקער קלאַטשקען, געשפּאַנט אין אַ הרבן װעגעלע, װאָס איז געװעזען אײנגעבונדען מיט שטריקלעך און מיט קניפּלעך. אַלײן איז ער אױך געװעזען אַ צוריסענער, אַ צושריבענער און אַן אױסגעדאַרטער.

— גוט־מאָרגען, האָבען די ברידער געזאָגט.

— גוט־מאָרגען, גוט־יאָהר! — שטעה, דו נבלה! — קודם כל גאַט איך אַקאָרשט אײַעך אײער „שלום־עליכם״!

— עליכם שלום!

— פון װאַנען געהען דאָס אַזעלכע אידען?

— אָט, אַזױ און אַזױ, פעטער, איז די מעשה, און זײ האָבען איהם דער־צעהלט פון א. ביז ת.

— הם... הם... הם..., האָט דער איד געזאָגט, אַרײנגעהמענדיג די באָרד אין דער לינקער האַנד און שאָקלענדיג מיטן קאָפּ,—אַ׳ן עברה, אידען, אײער שמחה, ד׳לעבען, אומזיסט, ברידער, שלאָגט איהר די פיס, װי איהר

זעהט מיך אַ אידען. וואָס קען זיין בעסער ווי טיעף אין וואַלד? ניטאָ קיין פּריין, ניטאָ קיין סטאַנאָוואָי, ניטאָ קיין אוריאַדניק און נאָך אַזעלכע בלוט-צאַפּער (די ברידער האָבען זיך פֿערוואונדערט איבערגעקוקט: זיי האָבען ניט פֿערשטאַנען, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ סאָרט ברואים: פּריין, סטאַנאָוואָי, אוריאַדניק, נאָר זיי האָבען איהם ניט איבערגעשלאָגען). אַ קאַטאָוועס צו זאָגען, אַזאַ גן-עדן, **אַזאַ פרייהייט: טהו וואָס דו ווילסט און ווען דו ווילסט, קיינער זאָגט דיר אַ** וואָרט ניט, איז ניין! לוינט דאָס ניט, דאַרף מען קריכען מיט אַ געזונדען קאָפּ אין אַ קראַנקע בעט! הלוואי זאָל איך ליגען זאָגען. — איהר וועט זיך, דוכט מיר, שלאָגען „אשמנו" מיט ביידע הענד.

— סטייטש, וואָס רעדט איהר? האָט ראובן מיט היץ געפֿרעגט. וואָס הייסט, אין וואַלד איז בעסער? ווי אַזוי?

**— אַ פֿולע ברייען מיט אייך האָב איך קיין צייט ניט, האָט איהם דער** אידעל איבערגעריסען, ביי מיר איז ערב יריד און די פֿעסיל איז טרוקען ווי אַ ביין, נאָר איך זאָג אייך בקיצור, אַז דאָ איז בכלל שלעכט, אַ גרויל ווי שלעכט, ווי איהר זעהט מיך לעבען. איהר ווילט מיך פֿאָלגען — קעהרט זיך אום צוריק אין וואַלד, איהר וועט מיר אויביג דאַנקען, ווי איך בין אַ איד!

דער אידעל האָט פֿערנומען די לייטשעס אין האַנד.

— זייט געזונד, אידען, פֿאָלגט אַ'ן עלטערען.

— פֿאָרט געזונד!

דער אידעל האָט גוט אָנגעשמיסען זיין קלאַטשע און אַוועקגעפֿאָהרען ווייטער.

— וואָס זאָגט איהר, ברידער? האָט ראובן געזאָגט, שוין-ושע זאָל דאָס זיין טאַקי אמת?

— עט! הוק! האָבען די ברידער געענטפֿערט, פֿון וואַנען, פֿון וואָס זאָל דאָ זיין אַזוי שלעכט? אַ שפּאַס אַזוי פֿיעל מענשען אין איינעם! מען קען דאָך אַ וועלט איבערקעהרען. ווען עס וואָלט זיין אַזוי שלעכט, ווי דער אידעל האָט אָנגערעדט, וואָלט מען ניט אָנגעבויט אַזעלכע הייזער (זיי האָבען נעבעך ניט געוואוסט, אַז ניט דער, וועער עס בויט, וואָהנט אין זיי...). ד'זייס, וואָס ער האָט דאָרטען אָנגעלאַיגט!

און זיי זיינען אַוועק ווייטער.

פֿון ווייטען האָבען זיי דערהערט, ווי איינער געהט און זינגט. זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט, צוגעקוקט: עס געהט אַ בעטלער, אַ צוריסענער, אַ צולאַטעטער, פֿערשטויבט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, אויף'ן זייט היינגט אַ טאָרבע מיט עטליכע שטיקלעך טרוקענעם ברויט. ער געהט טריט ביי טריט, אָנשפּאָרענדיג זיך אויף אַ הייסען שטעקען און זינגט אַ ליעד, אַ'ן אומעדיג, האַרציג ליעד, אַז די בהמות געהען אויס הערענדיג.

די ברידער האָבען אָנגעשטעלט די אויערען, און דער בעטלער זינגט:

איך געה איבער וועלדער,
איך געה איבער פֿעלדער,

איך הער נאָר דעם ווינד —
ער רוישט און ער זינגט:

אַ קעלט, ליעבער ברודער, אַ שרעקליכע קעלט,
עס פֿריהרט, ליעבער ברודער, די גאַנצענע וועלט.

איך געה איבער פֿעלדער,
עס וואַקסען דאָרט זאַנגען —
„איהר, זאָגט מיר, וואָס זייט איהר
אַזוי אויסגעגאַנגען?"

„פֿון קעלט, ליעבער ברודער, פֿון שרעקליכער קעלט,
פֿון פֿראָסט, ליעבער ברודער, וואָס הערשט אויף'ן פֿעלד."

איך געה צו די רינדער —
ווי מאָגער, אַ שרעק!
„וואָרום אַזוי מאָגער?"
טהו איך זיי אַ פֿרעג.

„אָה, ברודער לעב, הונגער, ענטפֿערען זיי,
ניטאָ וואָס צו עסען, ניט היי און ניט שטרוי!..."

איך געה מיר אין דאָרף
און עפֿען אַ טיר. —
„ליעב פֿעטערעל, גוט מאָרגען!
איז וואַרעם ביי דיר?"

„ניין, קאַלט, ליעבער ברודער, ווי אויף'ן גאַס,
אָה, קאַלט, ליעבער ברודער, און קייטיג און נאַס.

איך געה גלייך צום צווייטען,
אַ שכן דאָ נעבען. —
„ליעב ברודער, וואָס מאַכסט דו,
ווי געהט דיר אין לעבען?"

„אָך, שלעכט, ליעבער ברודער, ניין, בעסער ניט פֿרעג —
בייז-הונגער און צרות גאָר אָהן אַ ברעג."

איך געה שוין צום דריטען —
„דו זאָג-זשע נאָר מיר,
וואָס שלאָגסט דו די ווייבעל,
וואָס האָסט דו צו איהר?"

„פֿון צרות, מיין ליעבער, פֿון הונגער און קעלט,
פֿון צרות איז, ברודער, ניט ניכע די וועלט.“

איך געה צו צום פֿיערטען
און טהו איהם אַ פֿרעג:
„ליעב ברודער, וואָס טרינקסט דו
די גאַנצענע טעג?“

„פֿון צרות, מיין ליעבער, פֿון הונגער און קעלט —
פֿון צרות איז, ברודער, ניט ניכע די וועלט.“

איך געה צו אַ אידען,
ער שמייעט, ער דרעהט —
ווי געהט עס, ר. קרוב?
פֿערדיענט זיך אויף ברויט?

„אָה, שלעכט, ברודער, ביטער, דו בעסער ניט פֿרעג,
די אידישע צרות, זיי האָבען קיין ברעג.“

אַזוי געה איך אום
אין אַלערליי ערטער,
איך הער אומעטום
די זעלביגע ווערטער:

„יסורים, פורעניות הונגער און קעלט,
אָך, צרות און הונגער איז פֿול אין דער וועלט!“

שטום און שטיל זיינען די ברידער געשטאַנען. זייערע הערצער האָט גע-
דריקט אַ געפֿיהל, וואָס זיי האָבען נאָך קיין מאָל ניט אַזוי שטארק געפֿיהלט.
דאָס איז געווען אַ'ן אונערטרעגליכער אומעט, זיי האָבען ניט געקענט ריידען.
אַ צייט זיינען זיי געשטאַנען פֿערטיעפֿט אין דעם אומעט.

— מיר וייסען אַ פנים ניט, ווי עס געהט צו אויף דער וועלט? האָט
ר א ו ב ן ענדליך געזאָגט.

— יע, עפעס... האָט ש מ ע ו ן געשטאַמעלט.

— מען מוז געניי דערגעהען, האָט י ע ק ב געזאָגט.

— מען מוז, האָבען אַלע איינגעשטימט.

די ברידער האָבען זיך געזעצט אויף דעם גראָז און נאָך אַ רעכטער צייט
ישוב-הדעת איז ביי זיי אין הסכם געבליבען, זיי זאָלען זיך צושיידען אין אַלע
פֿיער זייטען: איינער אין מזרח, דער אַנדערער אין מערב, דער דריטער אין
דרום און דער פֿיערטער אין צפון, בעקוקען און בעטראַכטען די וועלט און
נאָכדעם זאָלען זיי זיך ווידער אין איינעם צונויפֿקלייבען און בעזעצען זיך, וואו
בעסער איז.

די ברידער האָבען זיך זעהר הערצליך צוזעגענט און פֿאַנאַנדערגעגאַנגען.

## II.

# אין מזרח זייט.

ר א ו ב ן, דער עלטערער ברודער, איז אַוועק אין מזרח-זייט און באַלד צוגעגאַנגען צו אַ דאָרף. אויף׳ן פעלד האָבען געאַרבייט בויערען מיט זייערע ווייבער, אַלע באָרוועסע, מיט היילע קעפּ, אָנגעטהאָן אין גראָבע, פּראָסטע לייוועגדענע קליידער. די זון באַקט און זיי אַרבייטען, און שווייס גיסט זיך פון זיי טייכען. צווישען זיי געהט זיך אַרום איינער, לייז און ליידיג, פיין אָנגעטהאָן אין גרינע זיידענע קליידער, אין געלע לייקענע זומער-שיך, מיט אַ ברייטער ווייסער שטרוי-הוט אויף׳ן קאָפּ... אין איין האַנד האַלט ער אַ שעהנעם שטעקעל, מיט וועלכען ער שפּיעלט זיך, אין דער צווייטער — אַ גוטען סיגאַר; אַרויסלאָזענדיג דעם רויך פון מויל, פייפט ער זיך אַ ניגון אַ גאַנץ פרעהליכען, אָדער ער פאַלט אָן אויף די בויערען, ער שרייט אויף זיי, ער טרייבט זיי אונטער, ער זידעלט זיי...

ר א ו ב ן האָט זיך אָבגעשטעלט קוקען, וואָס איז דאָס פאַר אַ מין פויגעל.

דער אָדון מיט דער שטרוי-הוט האָט אַוועקגעוואָרפען זיין סיגאַר, אַראָבגענומען מיט דער לינקער האַנד די הוט פון קאָפּ, מיט דער רעכטער אַרויסגענומען פון קעשענע אַ שניי-ווייסע טיכעל און אויסגעווישט מיט איהר דעם ווייסען גלאַטען שטערען, אויף וועלכען עס איז אפילו אַ קנייטשעל ניט געווען, אָבקוקענדיג זיך, אַזוי ווי ער וואָלט געווען שטאַרק פערמאַטערט.

— אַה! וואָס פאַר אַ היץ היינט איז אויף׳ן פעלד, האָט ער האַלב פאַר-זיך געזאָגט. איוואַן! האָט ער אַ געשריי געטהאָן צו איינעם פון-די בויע-רען, דערלאַנג דעם רייט-וועגעל.

אַ בויער האָט גלייך צוגעפיהרט אַ גוטען פערדעל, געשפּאַנט אין אַ פיינעם גרינגען וועגעל. דער אָדון האָט זיך אַרויפגעכאַפּט און אַוועקגעפלויגען, לאָ-זענדיג הינטער זיך אַ געדיכטען וואָלקען שטויב.

— זאָגט מיר, ברידער, האָט ר א ו ב ן געזאָגט צו די בויערען, וואָס איז דאָס פאַר אַ מהות?

— דאָס איז אונזער פּריץ.

ר א ו ב ן האָט זיך ניט בענוגענט מיט דעם ענטפער, ער האָט ניט פער-שטאַנען, וואָס איז דאָס אַזוינס „פּריץ".

— אָבער פאַר וואָס-זשע, זאָגט מיר, האָט ער זיי ווידער געפרעגט, איז איהר טאַקי אַרבייט, האָרעוועט מיט שווייס, און ער געהט אַרום צווישען אייך פּוסט-און-פּאַס און קאָמאַנדעוועט נאָך? ווידער, פערשטעה איך ניט, וואָס איז ער

עפעס אָנגעטהאָן אין בגדי-מלכות, און איהר אין פּראָסטע, גראָבע ראַדנינע? היינט איז ער גלאַט עפעס אַ מין איידעלס! ליידיג געהענדיג איז איהם אַזוי הייס געוואָרען, אַז ער האָט דאָס גאָר פֿערטראָגען ניט געקענט און איז גאָר אַוועקגעפֿאָהרען אין מיטען דערינען. איך רעכען, אז אייך אַרבייטענדיג איז ניט קעלטער, ווי איהם, פֿונדעסטוועגען צולויפּט איהר דאָך ניט אַהיים. פֿאַר וואָס פֿאָרט קומט דאָס איהם? מיט וואָס איז ער דאָס מעהר מיוחס פֿון אַלעמען?

די בויערען האָבען פֿריהער גאָר ניט געוואוסט, וואָס צו ענטפֿערען איהם אויף אַזעלכע שאלות; זיי האָבען עפעס ניט געקענט פֿערשטעהען, וואָס מיינט דערמיט ר א ו ב ן, צו ער איז באמת אַזאַ מין פרא אדם, אָדער ער מאַכט זיך צום נאַר. נאָר אַז ר א ו ב ן האָט זיי דערצעהלט, אַז ער האָט זיין גאַנצען לעבען אין וואַלד פֿערבראַכט און אַזאַ לעבען מיט אַזעלכע פּאַראָנדקעס זעהט ער דעם ערשטען מאָל, דעמאָלט האָבען זיי זיך ערשט מיט איהם פֿאַנאַנדערגערעדט.

— פֿערשטעהסט דו מיך, האָט זיך אָבגערופֿען אַ בויער פֿון אַ יאָהר פֿופֿציג, אָנשפּאַרענדיג זיך אויף דער גראַבליע. (אַלע האָבען אויפֿגעהערט צו אַרבייטען און זיך אַרומגעקליבען אַרום ר א ו ב ן'ען). פֿערשטעהסט דו מיך, ברודער, די מעשה דערפֿון איז אַזוי: אָט די גאַנצע ערד, וואָס דו זעהסט, איז זיינע, דעם פּריץ'ס, פֿערשטעהסט דו מיך. מיר האָבען, אמת, אויך אייגענע ערד, אָבער—אַ שפּאַן אויף אַ שפּאַן... מילא, ברודער, פֿערשטעהסטו, קענען מיר פֿון דעם אייגענעם שטיקעל ערד ניט לעבען, מוז מען געהען צו איהם, צו דעם פּריץ אויף מלאכה, בעאַרבייטען זיין ערד. און ער איז קיין נאַר ניט און דריקט אַרויס די נשמה פֿון אונז: פֿאַר פֿון 4 אין דער פֿריה ביז דער נאַכט אַ זומער-טאָג צאָהלט ער פֿינף און צוואַנציג קאָפּיקעס און ער אָדער זיין פּריקאַשטשיק טרייבען נאָך אונטער און שרייען—ווי דו האָסט געזעהען.— אָט אַזוי, ברודער, פֿערשטעהסט דו מיך, איז אונז אַלעמען פּטר'ט מען אָב מיט עטליכע גראָשען פֿאַר אַ טאָג און איהם בלייבט די גאַנצע תבואות, די גאַנצע היי און שטרוי פֿון די פֿעלדער און מיר זיינען ביי איהם ניט די איינציגע, דאַרפֿסטו וויסען: אַרום די קבצנסקער, הונגער-איבער—אָט דאָ דערפֿער דערביי—אַרום זיי מאַכט ער אויך ניט שלעכט. אגב האָט ער נאָך מי יודע וויפֿיעל הויפֿען. ער פֿערקויפֿט אַ יאָהר, ווייס איך, תבואות, פֿאַר וואָס ניט אויף צוואַנציג טויזענד רובל און די אַרבייטער צאָהלט ער אין אַלעמען אויף אַ גוזמע פֿינף טויזענד רובל. אָט בלייבט ביי איהם, ניט קריינקענדיג, ניט האָרעוועענדיג, אַזאַ סכום מיט געלד, איז שוין אַ הידוש, אַז ער פֿראַנטעוועט אַזוי און גיט אַ פֿינגער אָן אַ פֿינגער ניט אַ קלאַפּ?

— איך פֿערשטעה אָבער ניט, האָט ר א ו ב ן מיט היץ געפֿרעגט, וואָס הייסט די ערד געהערט איהם, דעם „פּריץ", ווי איהר רופֿט איהם?! קען מען דען זאָגען אויף ערד — זי געהערט צו דעם אָדער צו יענעם? אָסור אויב איך פֿערשטעה! האָסט דו דען געהערט ערד—דיינע, מיינע?! ערד איז קיינעמס ניט אָדער אַלעמענס, אָט ווי די זון, למשל, די לבנה, די שטערען, די לופֿט. נו, אָט איך למשל

וועל צו אייך קומען און זאָגען, אַז די זון איז מיינע, זייט מוחל, צאָהלט מיר אַקאָרשט דערפֿאַר וואָס זי לייכט אייך; וועט איהר דאָך מיך אָנקוקען ווי אַ משו-גע׳נעם און מיט פֿלעקער פֿערטרייבען. עס וועט דאָך אייך אפילו אין זינען ניט אַריין, צו געבען וואָס אַהאָר איז ווערט. היינט זאָגט זשע פֿאָרט, פֿאַר וואָסערע מעשים צאָהלט איהר דעם פריץ אייערען פֿאַר ערד?

— דו ביזט אפילו, ברודער, כמעט גערעכט. אָבער דאָס איז אַלין ביי אייך אין וואַלד געשמועסט. פרואוו אַקאָרשט דאָ טהאָן אויף דעם פריץ׳ס ערד פֿאַר זיך וועגען, וועסט דו זעהען, וואָס דאָ וועט זיך אַביסעל אָבטהאָן: תיכף ומיד וועט דאָ ווערען גאַנץ פּאָליציי, מיט סאָלדאַטען, מיט קאָזאַקען און מען וועט די בונטאָוושטשיקעס שלאָגען, שמייסען, אפילו שיסען. ממילא, פֿערשטעהסט דו מיך, מוז מען זיך אונטערגעבען ניט ווילענדיג.

דאָ איז אונטערגעגאַנגען דער פֿערוואַלטער פֿון הויף.

— פֿאָהרט, ר׳ איד, האָט ער מיט ברייטקייט געזאָגט, לאָזט אַרבייטען.

ר א ו ב ן איז ברוגז׳דיגערהייט אַוועק אין דאָרף אַריין.

דער קבצנ׳ישער לעבען, דער דלות, וואָס ער האָט דערזעהען אין דאָרף האָט איהם נאָך מעהר פֿערוואונדערט. הייזלעך קליינינקע, איינגעבויגענע מיט שטרויענע דעכער, אָהן קוימענס, כמעט אָהן פֿענסטער, אינוויינינג איז קייט, בלאָטע, עפּוש, אַז מען קען ניט אַריין. קינדער צוקייטיגטע, צובלאָטיגטע, הייזע, נאַקעטע וואַלגערען זיך אויף דער פאָדלאָגע און קיינער טהוט אין זייער זייט ניט אַ קוק. (די גרויסע זיינען אויף׳ן פֿעלד.)

ר א ו ב ן האָט דאָס ניט געקענט זעהען און איז אַרויסגעלאָפֿען פֿון דאָרף. ניט ווייט אויף אַ באַרג האָט ער דערזעהען אַ גרויסע דרייגאָרענדיגע הויז מיט אַ גרינעם דאַך מיט אַסך קוימענס; אַרום איז אַ גרויסער גאָרטען מיט גע-שאָרענע בוימער, מיט אַלערליי בלומען אויף דער ווערענדע. אין גאָרטען איז געזעסען דער פריץ און געטרונקען קאַפֿע.

ר א ו ב ן׳ען האָט דאָס פֿערנומען פֿאַר׳ן האַרצען... ער איז אַוועק צו דער ווערענדע.

— זאָגט מיר, פריץ, האָט ר א ו ב ן אַ פֿרעג געטאָהן, פֿאַר וואָס פֿאָרט לעבען דאָס די בויערען אַזוי שלעכט, אַזוי אָרעם?

דער פריץ האָט אויף איהם אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגען און האַלב אין כעס—פֿאַר זיין העזה—אַ זאָג געטהאָן:

—שכורים זיינען דיינע בויערען, פּוילאַקעס, טויגעניכטסען—דערפֿאַר לעבען זיי אַזוי; אַז זיי וואָלטען געאַרבייט ווי עס דאַרף צו זיין, וואָלטען זיי געלעבט ווי מענשען.

— היינט זאָג מיר, פריץ׳ל, האָט ר א ו ב ן ווידער געפֿרעגט אין פשטות, אויף גאָר ניט קלערענדיג, פֿאַר וואָס זשע לעבסט דו אַזוי גוט גאָר ניט טהו-ענדיג? אָט זיי טאָקי, די בויערען, די פּוילאַקעס, ווי דו רופֿסט זיי, אָט זיי טאָקי אַרבייטען אויף׳ן פֿעלד ווי די פֿערד און האָבען צרות און דו געהסט לוויז און ליידיג אין לעבסט אַ גוטען טאָג. ניין, פריץ׳ל, ווי איך האָב מיך אָנגעהערט

לעבען די בויערען שלעכט, ניט ווייל זיי זיינען פּאָליאַקעס, נאָר ווייל זייער פּראַצע בלייבט אין גאַנצען ביי דיר. כאָטש צוריים זיך האָרעווענדיג, איז קיין פּעולה ניט, אַז מען האָרעוועט אויף יענעם. זאָג אַליין, פריץ׳ל, איז דאָס ניט אַ׳ן עולה? ד׳לעבען, זעהר ניט שעהן פון דיר.

ר א ו ב ן האָט קיין שלעכטס ניט פערטראַכט, ער האָט ניט געמיינט אָנריהרען דעם פּריין׳ס האָנער, ער האָט זיך אַזוי גלאַט אויסגערעדט די האַרץ.

אָבער דער פּריין איז געוואָרען אַ צוקאָכטער.

— אַך, דו הונד איינער! האָט ער געשריען מיט משונה׳דיגע קולות, דו פּאַרכאַטער זשיד! דו ווערסט מיר איינוויזען! איך וועל דיר ווייזען, ווער עלטער איז! איזואַן! סטעפּאַן! שלעפּט איהם אַוועק, דעם הונד, צום סטאַנאָוואָי!

צוויי בויערען האָבען ר א ו ב ן׳ען אַוועקגעשלעפּט צום סטאַנאָוואָי.

דער סטאַנאָוואָי האָט טאַקי איהם גוט אויסגע׳מוסר׳ט, געגעבען איהם צו פערשטעהען, אַז פּאַר אַ פּריין דאַרף מען האָבען דרך ארץ און די צונג דאַרף מען בכלל האַלטען הינטער די ציינער. דער מוסר איז געווען אַ׳ן אמת׳ער אַ פּאָליצייסקער מוסר: מיט ווילדע געשרייען, מיט טאָפּענעס מיט די פיס, מיט זידלערייען און מיט קלעפּ.

ר א ו ב ן האָט זיך קוים אַ לעבעדיגער אַרויסגעריסען פון דעם סטאַנאָוואָיס הענד. ער איז אַנטלאָפען ווי אַ מבולבל׳לער; ער האָט ניט געקענט פערשטעהען: וואָס האָט מען צו איהם געהאַט, וואָס איז זיין חטא געווען?

אַ צושלאָגענער, אַ הונגעריגער איז ער אַרויס אויף אַ גרויסען וועג. אַ שעהנע הויז, מיט אַ ברייטער טהיר צום גאַס און מיט אַ געפאַרבטער בלעך איבער דער טהיר, איז געשטאַנען ביים רעכטען וועג. פערבייפאָהרער און פער-בייגעהער האָבען פערקעהרט אין די הויז.

ער איז אויך אַריין.

דער בעל הבית איז געשטאַנען הינטער אַ טיש און געגעבען אַלע געסט—יעדערען, וואָס ער פערלאַנגט.

ר א ו ב ן איז אויך צוגעגאַנגען.

— גיב, ברודער, אַ ביסעל שפּירט מיט עפּעס פערבייסען, האָט ער זיך געווענדט צום בעל-הבית. (דעם טעם פון שפּירט האָט ער על פּי סבה דער-גאַנגען: אַ בויער האָט איהם מכבד געווען אין וועג מיט אַ גלעזעל.)

דער שיינקער האָט איהם אָנגעגאָסען אַ שנאַפּס און געבעטען בעצאָהלען.

— ניין, ברודער, געלד האָב איך ניט, האָט ר א ו ב ן געזאָגט.

— טאָ וואָס דען מיינט איהר: בל״ם? איהר האָט אַ טעות, ר׳ איד, אומ-זיסט גיט מען ניט היינטיגע צייטען, דער שיינקער איז שוין לאַנג געשטאָרבען. אָט, אַז איהר ווילט, פערקויפט מיר אייער פעלץ, אויף וואָסערע כפּרות דאַרפט איהר איהם זומער? נאַט אייך פאַר איהם אַ קערבעל.

(אַ פעלץ האָט ר א ו ב ן געהאַט אַ בערעשען, אַ׳ן אמת׳ן אַ גוטען, פון אַ בער, וואָס ער האָט אַליין אין וואַלד גע׳הרג׳עט; ער איז ווערט געווען גע-

וועהנליך אַ סך מעהר ווי אַ קערבעל, נאָר דער קרעצמער האָט פֿערשטאַנען נאָך דעם נאָו נאָך, וואָס פֿאַר אַ סוחר דאָס איז.

ראובן האָט ניט געוואוסט, וויפֿיעל זיין פעלץ איז ווערט, און וואָס פֿאַר אַ מטבע אַ רובל איז. ער האָט גלייך אַראָבגעוואָרפֿען דעם פעלצעל פֿון די פלייצעס און גענומען דעם רובל.

פֿון התפעלות האָט דער קרעצמער מכבד געווען איהם מיט אַ גאַנצער פֿלאַש בראָנפֿען.

ראובן האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבען אַ טיש מיט זיין בראָנפֿען און פֿער-בייסען, גענען איהם איז געזעסען אַ'ן אָרימער בויער, אַ פֿערשמאַכטער, נעבען אַ פוסטען טיש; געזעסען און געקראַצט דעם קאַרק און די אויגען פֿון ראובן'ען ניט אַראָבגענומען.

— פֿעטער, אַ פֿעטער, האָט איהם ראובן אַ רוף געטהאָן.

— וואָס איז, וואָס? האָט דער בויער געפֿרעגט הס'עוואַטע.

— ביזט אפשר אַ בעלן אויף אַ גלעזעלע, טאָ לאָז דיך ניט בעטען.

— כיי, פֿאַר וואָס ניט. אַז אַ גוטער ברודער איז מכבד, טאָר מען זיך ניט אָבזאָגען.

דער בויער האָט זיך צוגערוקט צו ראובן'ען. זיי האָבעןביידע גענומען צו ביסלעך, פֿאַנאַנדער גערעדט זיך, ווי עס פֿיהרט זיך, פֿון וואַנען, פֿון וואָס, ווער יעדער'ער איז.

— וואָס זאָל איך דיר זאָגען, ברודער ראובן, האָט דער בויער געזאָגט, אייסהערענדיג ראובן'ס ביאָגראַפֿיע: אַ'ן ערגערען אָרט פֿון אַלע דיינע ברידער האָסט דו דיר אויסגעקליבען; איך ווייס ניט, אויב ווי וועלען ערגעץ געפֿינען, וואו גוט איז: דו, אומגעהענדיג איבער דערפֿער, וועסט געוויס קיין גוטס ניט געפֿינען. פֿרעג ביי מיר, איך האָב שוין אַ האַלבע מאה, אויב ניט מעהר, אָבגעלעבט אויף דער וועלט, זאָג איך דיר, בנאמנות, אַז אין דער גאַנצער מדינה לעבט אפשר איינער פֿון טויזענד בויערען ווי דער סדר איז, און די איבעריגע אַלע ווערען אויסגעריסען נאָך די יאָהרען און טעג: איין קבצן גרעסער פֿון דעם אַנ-דערען. און וואָס איז דער הירוש געבעך? פֿון וואַנען, פֿון וואָס זאָל אַ בויער יע לעבען גוט?

— וואָס הייסט? — האָט איהם ראובן איבערגעשלאָגען — פֿאַר וואָס זאָל עפעס אַ בויער ניט לעבען גוט?

— דו ביסט גאָר אַ שיטה, ד'לעבען. בעקלער אַקאָרשט מיט אַ קאָפּ — ער האָט עפעס אַפֿולע ערד?

— דאָס, ברודער, ווייס איך ניט.

— אַז דו ווייסט ניט, טאָ פֿרעג ביי מיר, וועל איך דיר דערצעהלען, כמעט יעדער בויער האָט אפילו אייגענע ערד, אָבער וויפֿיעל? אויף קברים פֿאַר דער געזינד, ווייס איך, וואָלט אפשר קלעקען, אָבער ניט אויף זייען ברויט אויף אַ יאָהר. און דער שטיקעלע ערד, וואָס ער האָט שוין, איז אויך וואָס פֿאַר

א׳ן ערד! לייס, זאמד, מאך—אבער ניט צום אקערן, צו בעארבייטען.

— דאס, זעהסט דו, פערשטעהע איך ניט. וואס עפעס דוקא בײם בויער איז די לייס, זאמד א. ז. וו.?

— א! אין מחשבות׳ן האב איך פערגעסען, אז דו ביסט ערשט פון וואלד און דו ווייסט נאך גאר ניט: ווער, וואס, ווענמענס, דיר דארף מען דאך אנהויבען דערצעהלען גאר פון א. טא הער אקארשט. אמאל זיינען מיר, בויערען, כמעט אלע געוועזען פריץ׳עשע. מיר האבען געהערט צום פריץ מיט׳ן לייב און לעבען, מיר זיינען געוועזען זיינע אייגענע, אט ווי זיינע בהמות, זיינע פערד. איין פריץ, למשל, פלעגט זיך בעריהמען פאר דעם צווייטען: איך האב אזוי פיעל און אזוי פיעל פערד, אזוי פיעל און אזוי פיעל הינד און אזוי פיעל בויערען. איך בין ניט מגזם וואס א האר איז ווערט, ווי דו זעהסט מיך לעבען! נאר דאס איז שוין געוועזען א מעשה מיט עטליכע און דרייסיג יאהר צוריק; אין 61-טען יאהר האט אונז דער קייסער — א זיידע דעם איצטיגענס קייסער — בעפרייט.

— ווער, זאגסט דו, האט אייך בעפרייט?

— דער קייסער, פערשטעהט זיך, אז דער קייסער, ווער דען קען בעפרייען א גאנצען עולם, אז ניט א קייסער?

— וואס איז דאס אזעלכעס: „א קייסער"?

— זאלסט דו קרעפלעך עסען מיט דיינע שאלות! ווער קען דאס שטענ־דיג האלטען אין זינען, אז דו ביסט גאר ווי פון יענער וועלט געקומען? נאר הער אקארשט מיט א קאפ: א קייסער, דאס איז א פריץ איבער אלע פריצים, א בעל הבית איבער אלע מענשען, איבער דער גאנצער ערד, גרעסער פון איהם איז שוין ניטא, וואס ער וויל—דאס טהוט ער און קיינער טאר איהם א ווארט ניט זאגען.

— פון וואנען איז ער דאס עפעס געווארען אזא יחסן? האט מען איהם אויסגעקליבען?

— ווער אויסגעקליבען? וואס אויסגעקליבען? דו רעדסט גאר ווי א קינד, אויף נאמנות. א קייסער קלייבט מען ניט אויס; א קייסער ווערט געבוירען א קייסער. אז דער טאטע, פערשטעהסט דו מיך, איז א קייסער איז דער זוהן אויך א קייסער.

— פאר וואסערע מעשים?! דאס איז דאך עפעס גאר אהן א שכל, גלאט אין דער וועלט אריין!

— דאס לאמיר לאזען אויף שפעטער. דו הער אקארשט די געשיכטע, וואס מיט אונז בויערען האט פאסירט. בעת מיר זיינען געוועזען, פערשטעהסט דו, פריץ׳עשע, זיינען מיר אויסגעשטאנען אזעלכע מיני צרות, אזעלכע מיני יסורים, וואס דו קענסט דיר גאר ניט פארשטעלען. די הינד דעם פריץ׳ס, איז דאך שוין ניטא וואס צו ריידען! אפילו די חזירים זיינע איז אויך געוועזען בעסער ווי אונז. דו פרעג ביי די עלטערע לייט—זיי וועלען זיך דיר א ביסעל אנדערצעהלען, וואס פאר א מהיה־דיג לעבען דאס איז געוועזען, דער גאנצער שטיקעל האפנונג איז געוועזען אויף׳ן קייסער. מען האט געווארט פון טאג אויף טאג: אט, אט קומט די ישועה; אט, אט

וועט אונז דער קייסער, אונזער אַלעמענס טאַטע, אויסלייזען פֿון די פּריץ׳ישע הענד; אָט, אָט וועלען מיר ווערען פֿרייע מענשען מיט אַלעמען גלייך, לעבען אין אַ׳ן אייגענעם ווינקעלע, זיין ביי זיך אַליין; און, געלויבט איז דער אויבער־שטער, די מזל׳דיגע שעה איז געקומען, ער האָט אונז טאַקי אויסגעלייזט. איז דאָך שוין דאַכט זיך גוט? אָבער וואָס זאָל איך דיר זאָגען—אויף מיינע שׂונאים געזאָגט געוואָרען אַזאַ אייסלייזענעס. ערשטענס, פֿערשטעהסט דו מיך, האָט ער געמאַכט פֿאַר צוטיילער פֿון דער ערד—מען האָט דאָך אונז געדאַרפֿט געבען ערד כלומר׳שט מיר זאָלען האָבען פֿון וואָס צו לעבען, און באמת׳ן כדי קאַזנאַ זאָל האָבען, פֿאַר וואָס צו רייסען פֿון אונז די הויט—האָט ער געמאַכט, זאָג איך, פֿאַר צוטיילער פֿון דער ערד די פּריצים גופא, די געוועזענע בעלי־הבתים פֿון דער ערד, היינט פֿערשטעהסט דו דאָך שוין, וואָס פֿאַר אַ ראַיעלע חלוקה דאָרטען איז געווען. וואו אַ מאָך, וואו אַ בלאָטע, וואו אַ זאַמד—דאָס האָבען די פּריצים אונז איינגעטיילט און זיך געלאָזען די בעסערע. מיינסט דו דאָך אפשר, אַז דאָס האָט ביי זיי דער קייסער אָבגענומען און אונז אַוועקגעשיינקט, מילא, איז דאָס ביי אונז געווען, ווי מען זאָגט, אַ געשיינקטער פֿערד, וואָס מען דאַרף איהם אין די ציינער ניט קוקען?

חס ושלום! מיר קענען זיך נאָך עד היום פֿאַר די ערד ניט אויסצאָהלען. מען האָט געשטעלט מקחים משוגע׳נע, זאָג איך דיר, און פֿינדעסטוועגען, אַז אַ דאָרף בוויערען האָבען זיך געפּרופֿט איינשפּאַרען: „מיר ווילען ניט קיין זאַמד פֿאַר אונזער גוט געלד", האָט מען זיי צו שונדען די הויט אַלעמען דורכס באַנק און מען האָט זיי געצווינגט מיט גוואַלד צו נעהמען, וואָס מען גיט.

— און ווי, למשל, איז פֿערקערט—האָט ר א ו ב ן געפֿרעגט — אַז אַ פּריץ פֿלעגט זיך איינשפּאַרען און וויל ניט געבען אָט די ערד, — פֿלעגט מען איהם אויך נויטען מיט גוואַלד?

— עט, חלילה, וואָס רעדסט דו! אַ פּריץ מיט אַ פּריין וועט זיך פֿערפֿיהרען? וועלכע ער האָט געוואָלט, יענע האָט ער געגעבען.

— דאָס איז דאָך אמת׳ע רציחה ביי אייך דאָ! וואו מען טהוט זיך ניט אַ קעהר—רק דעם פּריץ, אָבער דעם פּריין און ווידער דעם פּריץ! נאָר מען קוקט זיין טובה—און אַ סוף!

— פֿערשטעהט זיך, ברודער ר א ו ב ן, זיין טובה, נאָר דעם פּריץ׳ס טובה. זייער וועלט—אין אַ׳ן עק. וואָס דאַרפֿסט דו מעהר, אַז גופא פֿון די אויסלייזענעס האָט זיך אויסגעלאָזען זיי אַ טובה. הער אַקאָרשט. וואו האָבען מיר מיט דיר געלאָ־זען? יע, מען האָט אונז אָנגעטיילט מיט שטיקלעך ערד, איך מיין מיט זאַמד. אַז מען האָט אונז בעפֿרייט 19-טען פֿעוראַל 1861 יאָהר, האָט מען אונז מודיע געווען אין אַלע קלויסטערס, אַז מהיום והלאה זיינען מיר פֿראַנק און פֿריי. יעדער, פֿער־שטעהסט דו מיך, מעג טהאָן וואָס ער וויל, יעדער מעג געהען, וועהן ער וויל, וואָהין ער וויל, געה כאָטש אויף אַלע פֿיער זייטען: געה איבער די הייזער, געה כף־הקלע, געה דורך דער ערד, געה אין סיביר, קיינער טאָר דיר אַ

וואָרט ניט זאָגען. דאַרף מען בעסער? נאָר, באמת זאגענדיג אָהן שפּאַס, האָט זיך פון אונזער גאַנצער פרייהייט אויסגעלאָזען אַ בוידים: אָנשטאָט פּאַנשטשינע האָט אויף אונז קאַזנאַ אַרויפגעוואָרפען אַ באַרג מיט פּאָדאַטקעס, איין מאָל פאַר אַלע מאָל—צאָהל: פאַר די ערד צאָהל, פאַר יעדען נפש צאָהל, פאַר די וועגען צאָהל, אין וואָלאָסט צאָהל, רק צאָהל! אַי, וואו זאָל מען דאָס נעהמען, אז פון דער ערד איז אפילו זיך אויף ברויט ניטאָ? דאָס איז ניט זייער זאַך, כאָטש נעהם און צושנייד זיך אַליין אויף טאָלער; אז ניט, גיט מען שמיין אז דער קאָפּ זעהט זיך ניט. אָט דאָ, ברודער, זיינען מיר בעגראָבען געוואָרען; מיר האָבען זיך געמוזט לאָזען אויף מלאכה ווידער צום פריין, און ווידער אַריינגעפאַלען צו איהם אין די לאַפּע, די זעלביגע פּאַנשטשינע מיט מעהר פרישקייט. דעמאָלט איז ער כאָטש מחויב געוועזען עסען צו געבען, איצט איז ער דערפון אויך פטור.

זיי האָבען גענומען צו ביסלעך בראַנפען און האָבען פערביסען.

— אָט אַזוי, ברודער ר א ו ב ן, איז די מעשה, פערשטעהסט דו מיך,—האָט דער בויער ווידער געזאָגט,—היינט זאָג אַליין, איז שוין דאָ פון וואַנען אַ נאַש בראָט זאָל גוט זיין? אדרבה, יאָהר צו יאָהר ווערט נאָך ערגער: מענשען ווערען רק מעהר און ערד קומט דאָך ניט צו, מילא קלייבט זיך אָן חובות, פּאָדאַטקעס אַריבער און אַריבער; מען קומט און מען פערקויפט ביז אַ זוים, די לעצטע בהמה פיהרט מען פון שטאַל אַרויס, כאָטש דו נעהם די ווייב מיט די קינדער און וואַרף אַרויס אויף׳ן גאַס. אָט יעמאָלט, ברודער, דערהערט מען די האַרץ און פּרואוו עפּעס זאָגען אַ וואָרט אַנטגעגען, מאַך עפּעס אַ האָר אַ קרומע מינע—איז תיכף געשלאָגען, געשמיסען; און אַז נאַטשאַלסטווע פערגלוסט זיך — איז געבראַכט סאָלדאַטען מיט ביקסען און מען צו לייגט די אומגליקליכע אומשולדיגע בויערען ווי די פליגען.

— זאָג מיר, ברודער, איך וועל ביי דיר פרעגען, און הער אויס: „סאָלדאַטען", „סאָלדאַטען"—פון וואַנען נעהמען זיך דאָס פּאָרט די סאָלדאַטען?

— ווי הייסט, פון וואַנען? גופא פון דעם עולם, אָט למשל פון אונז, בויערען—און כמעט אַלע סאָלדאַטען זיינען טאַקי, באמת, בויערען, וואָרום אַ פּריץ, אַ טשינאָווניק געהט אַוועק אין אָפיצירען; אַ סוחר, אַ קרעמער דרייט זיך אויס מיט געלד פון סאָלדאַטען און דיענען דיענט מעהר ניט ווי אַ נאַש בראָט. פון אונז גופא, זאָג איך, קלייבט מען אויס די יונגע לייט און מען נעהמט זיי אין סאָלדאַטען און מען פיהרט זיי אַוועק פון די דערפער אין די שטעט אין קאַזאַרמעס, ראָרט לעהרענט מען זיי שיסען, שטעכען און נאָך אַזעלכע סאָלדאַטסקע חכמות און אָט אַזוי ווערען זיי דיר „סאָלדאַטען".

און אָט די זעלביגע סאָלדאַטען, בויערען, שיסען נאָכדעם גופא די בויערען, ד. ה. איהר שיסט זיך אַליין, אויף פּראָסט געשמועסט?

— עס איז אפילו זעהר ניט פיין, נאָר וואָס קען מען העלפען? אָט דו הער אַ מעשה. ניט ווייט פון אונז האָט זיך אַ דאָרף בויערען צובונטעוועט, איינגעשפּאַרט זיך איין מאָל פאַר אַלע מאָל, ניט צאָהלען קיין פּאָדאַטקעס; פּאָליציי,

וואָלאָסט האָט מיט זיי גאָר ניט געקענט מאַכען. וואָס מיינסט דו איז געווען דער סוף? עס איז אָנגעקומען אַ בעפעהל פון פ ע ט ע ר ב ו ר ג, אַז מ׳זאָל זיי שיסען. דעם חרבן וואָס האָט זיך אָבגעטהאָן בעת די סאָלדאַטען זיינען אָנגעקומען, קען איך דיר גאָר ניט אויסדערצעהלען. הרוגים האָבען זיך געוואַלגערט אין די קאַנאַוועס, בלוט איז געווען אין אַלע גאַרטענס, די ווייבער מיט די קינדער האָבען אויפגעהוי־בען אַזאַ קלאָג, אַזאַ געשריי, אַז דער הימעל האָט זיך געשפאָלטען, נאָר ניט דאָס בין איך דיר איצט אויסען; אין טלום אין שום האָט אַ סאָלדאַט דאָרשטאָבען זיין אייגענעם טאַטען... אמת! אַז ער האָט דערזעהען די חכמה, וואָס ער האָט אָבגעטאָהן, האָט איהם געמוזט גוט צוקאָבען זיין האַרץ, אַז ער איז תיכף צו־געלאָפען צו זיין פאָלקאָווניק און מיט׳ן שטיק—גלייך אין האַרצען אָהן שאלות און אָהן מענות. אָבער נאָך׳ן טויט העלפט קיין תשובה ניט: דערווייל‏ע אַ זוהן גע׳הרג׳עט זיין אייגענעם טאַטען!

— מיינסט דו דאָך אפשר, אַז די סאָלדאַטען צאָהלט מען פאַר זייער דיענסט? אַ קאָפּיקע ניט! האָרעווע 4, 5 יאָהר, די בעסטע יאָהרען פון לעבען, אויף׳ן שד.

— אַ גרויל! אַ גרויל!

זיי האָבען אויסגעטרונקען די לעצטע גלעזעלע, פריינדליך צוזעגענט זיך, און ר א ו ב ן איז אַוועק ווייטער.

ניט ווייט פון אַ דאָרף האָט ער דעריאָגט אַ פאָר וועג-מענטשען. זייער פערד איז געגאַנגען טריט ביי טריט, און זיי זיינען געזעסען אין וואָגען און געשמועסט זיך, שטאַרק פערטיעפט אין זייער ענין.

— אָט אַזוי, ברודער איוואַן איוואַנאָוויטש, האָט איינער געזאָגט—אָט אַזוי, זאָג איך דיר, זאָלסט דו אָבמאַכען דעם עסק, גלאַט און קיילעכדיג (עס איז דאָך ביי דיר אין די הענד): אַריינגעפאָהרען אין דאָרף און אַ קוועטש געטהאָן מיט אַ מאָל דעם עולם: געלד! עס מוזען אויף איין קלאַפּ אַריינגעטראָגען ווערען די פאָדאַטקעס אָהן שום טענות. אַ דאגה אַ תירוץ?—דער גובערנאַטער האָט געהייסען, דער זעמסקער. דו פרעג זיי בחרם, די חמורים; וואָס דו ווערסט זיי זאָגען—וועט גלאַט אַראָב און נאַטשאַלסטווע וועט זיין קאָנטענט. געלד וויסען מיר דאָך מיט דיר, וויפיעל זיי האָבען; מילא, פערשטעהסט דו מיך, ווערסטו לאָזען זייער סקאָט פון טאָרג, און דאָ וועל איך אונטערשפרינגען, כלומר׳שט פון גאָר ניט וויסענדיג, און וועל איהם אָבנעהמען בזיל הזול. הע, הע, הע... אַ וואָלוועלע מציאה, אויף נאמנות. דיין טרחה, פערשטעהסט זיך, וועט אומזיסט ניט זיין: דו האָסט ביי מיר דעם פיערטען חלק אין פרנסה. געהט דאָס?

— גוט, נאָר וויניגער גערעדט און מעהר געמיינט. איך וועל שוין אָב־מאַכען דעם עסק גיך און גוט און דו ביזט דאָך אויך קיין מלמד ניט — גוט מאָרגען, גוט יאָהר, איך קען דיך ניט, דו קענסט מיך ניט, און אַראָב פון מאַרק...

— גנב׳ישע שטיק, ברודער, דאַרפסט דו מיך ניט לערנען. איך וויים וואו איין, וואו אויס...

זייערע רייד זיינען ר א ו ב ן׳ען אריין אין נאָז; ער האָט אפילו ניט גאָר גוט פֿערשטאַנען, וואָס דאָס איז פֿאַר אַ מין עסק, נאָר אַ ביסעל האָט ער זיך דאָך שוין אָנגעהערט און אגב האָט ער אַריינגעהענדיג אין דאָרף אַ פֿרעג געטהאָן: ווער זיינען דאָס פֿאַר אַ לייט?

— דאָס איז אונזער סטאַרשינאַ און אַ קצב פֿון שטאָט, האָט מען איהם געענטפֿערט. דעמאָלט האָט שוין ר א ו ב ן אין גאַנצען פֿאַנאַנדערגעקליבען זייערע דיבורים...

ביים אַריינפֿאָהר אין דאָרף איז דער קצב אַראָב פֿון וואָגען און אַוועק צו פֿוס צו אַ בעקאַנטען בויער אין דאָרף; דער סטאַרשינאַ איז פֿערפֿאָהרען צום סעלסקען, וועלכען ער האָט תיכף געהייסען צונויפֿקלייבען די דאָרפֿס-לייט.

— נו, ברידער, געלד, האָט דער סטאַרשינאַ געזאָגט צום עולם. איך מיין פּאָדאַטקעס, עס איז מיר אָנגעקומען אַ שטרענגער פּאַפּיר פֿון זעמסקען, אַז עס מוזען תיכף איינגעקליבען ווערען אַלע חובות.

— א י ו ו א אַ ן א י ו ו א נ אָ ו י ט ש, ברודער, דו ווייסט דאָך אַליין, וואָס איז איצט פֿאַר אַ צייט; וואַרט אָב אַ וואָך-צוויי, מיר וועלען פֿערקויפֿען אַ ביסעל היי, וועלען מיר איינצאָהלען. וואו זאָלען מיר דיר איצטער נעהמען? ברעכען פֿון קניע געלד, וואָס?

— איך קען ניט, ברידער, איך קען ניט. עס איז ניט אין מיין רשות. איהר גיט זיך אַ׳ן עצה ווי עס איז, לייט וואו עס איז, אַז ניט וועל איך ניט וועלענדיג מוזען אייער פֿיה פֿון טאָרג פֿערקויפֿען.

— גאָט איז מיט דיר, א י ו ו א אַ ן א י ו ו א נ אָ ו י ט ש, וואָס רעדסט דו? סטייטיש, איצט די פֿיה פֿערקויפֿען? וואָס, ווערסט דו אונז לאָזען איבער די הייזער? וואַרט אָב אַ ווײלע, מיר וועלען אַריינטראָגען ביז אַ קאָפּיקע.

— איך האָב דאָך אייך איין מאָל געזאָגט, אַז איך קען ניט, דאָס ווענדט זיך ניט אָן מיר. קורץ, איך בין אייך אַלעמען מודיע: אָדער געלד במזומן, אָדער איך נעהם זיך אָבשרייבען די פֿיה.

ער האָט דורכגעלאָזען אַ ווײלע, אָנגעטהאָן אויף זיך די קייט און אַוועק מיט׳ן סעלסקען, מיט׳ן סאָטסקען און מיט „פּאָניאַטיע״ איבער די שטאַלען. דער גאַנצער דאָרף מאַנסביל, ווייבער און קינדער האָבען זיך געלאָזען נאָך איהם מיט אַ געוויין, מיט אַ געשריי.

דאָ האָט זיך געיאַוועט דער קצב, כלומר׳שט פֿערבייגעהענדיג.

— גוט מאָרגען דעם גאַנצען עולם, האָט ער ווייך געזאָגט, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ׳ן אסיפה?

— איך פֿערקויף פֿיה פֿון טאָרג פֿאַר קאַזיאָנע חובות, האָט דער סטאַר-שינאַ געענטפֿערט.

— איך וואָלט געוועזן אַ בעלן קויפֿען עטליכע שטיקלעך, אויב במקח.

— קויף, פֿאַר וואָס ניט, נאָר גיב וואָס טייערער.

דער סטאַרשינאַ האָט אָנגעהויבען דעם טאָרג, געשניטען ווי מיט אַ מע-

סער: אַ בהמה פֿון 30 רובל איז אַוועק פֿאַר 5, פֿאַר 6; ציגען, די בעסטע, צו רובל, צו אָנדערטהאַלבען.

דאָ האָט שוין ר א ו ב ן ניט געקענט איינשווייגען; ער האָט זיך דורכגע-קוועטשט צווישען עולם, צום אויבען אָן צו, און האָט אויסגעשריען אויף׳ן קול:

— ברידער! איהר זאָלט וויסען, אַז ביים סטאַרשינאַ מיט דעם קצב איז אָבגעמאַכט געוואָרען יד אחת, עס איז אַ ליגען די גאַנצע מעשה: ניטאָ קיין פאַפּירען, קיינער פֿאָדערט איצט ניט קיין פּאָדאַטקעס, דאָס האָבען זיי זיך אַליין צונויפֿגערעדט, כדי מען זאָל ביי אייך אָבנעהמען די פּיה אומזיסט.

און ער האָט זיי דערצעהלט אַלץ, וואָס ער האָט געהערט.

— דו גזלן! דו רוצח היער! דו בלוט-צאַפּער! זיינען די בויערען מיט כעס אָנגעפֿאַלען אויף׳ן סטאַרשינאַ, איבערשרייענדיג איינער דעם אַנדערען. אָט אַזוי דיענסט דו דעם קהל! אָט אַזוי שטעהסט דו דאָ פֿאַר׳ן כלל? דאָס וואָלט דאָך קיין תליון ניט טהאָן!

דער עולם האָט זיך שטאַרק פֿאַנאַנדערגעקאָכט, אַ וואָרט פֿאַר אַ וואָרט, עס איז דערגאַנגען צו קלעפּ. מען האָט מכבד געווען דעם סטאַרשינאַ ווי פּיעל אין איהם איז געקראָכען.

דער סטאַרשינאַ האָט זיך נעבעך קוים אַ לעבעדיגער אַרויסגעריסען פֿון זייערע הענד, אַרויפֿגעכאַפּט זיך אויף זיין פֿערד און אַוועקגעפֿלויגען ווי אַ פּער׳סב׳טער, קוקענדיג אויף הינטען, ׳צו לויפֿט מען נאָך איהם ניט נאָך. דער עולם האָט זיך פֿאַנאַנדערגעשפּיעלט און מען האָט דעם קצב אויך געוואָלט אַוועקגעבען זיין גאָב, נאָר ער איז אַ פּנים געוואָהנט געווען צו אַזעלכע גע-שעפּטען, און האָט זיך פֿריהער אין „טלום און שום״ אָבגעטראָגען.

— איך פֿערשטעה גלאַט ניט. האָט ר א ו ב ן געזאָגט, אַז דער עולם האָט זיך אַ ביסעל בערוהיגט: צו וואָס האַלט איהר אַזאַ מי יודע וואָס פֿאַר אַ סטאַר-שינאַ?

— וואָס הייסט, מיר האַלטען איהם? ווער האַלט איהם?

— סטייטש, „ווער האַלט איהם״? ווער זשע, אַז ניט איהר? קהל קלייבט דאָך אויס אַ סטאַרשינאַ. היינט צו וואָס האָט איהר אויסגעקליבען אַזאַ בלוט-זויגער?

— ווער האָט איהם אויסגעקליבען! שדים וואָלטען איהם אויסקלייבען, אַזאַ רוצח. ער האָט זיך אַליין אויסגעקליבען.

— וואָס הייסט, זיך אַליין אויסקלייבען?

— פּשוט טאַקי—ער זיך אַליין. דער מוח, פֿערשטעהסט דו, האָט איהם ניט אויסגעדאַרט. ער האָט דערזעהען פֿאַר די וואַהלען (וויבאָרעס), אַז מיט איהם האַלט שמאָל—דער עולם האָט געוואוסט, וואָס פֿאַר אַ פֿויגעל ער איז—האָט ער צונויפֿגעקליבען אַלע זיינע קרובים, פֿריינד, מחותנים, גוטע ברידער און גלאַט שיכורים, וואָס פֿערקויפֿען זייער גאַלקע פֿאַר אַ טרונק בראַנפֿען, עס האָט זיך דערווײלע אָנגעקליבען אַ גאַנצע באַנדע, וואָס האָט געהאַלטען פֿאַר איהם

און ער איז אַרויס סטאַרשינאַ. נאָך די וואַהלען האָט ער פֿון אונז אַליין געמאַכט חוזק: „פּראיב״, האָט ער געזאָגט, „איהר האָט שוין געמיינט, אַז אָט ווערט איהר פֿון מיר פּטור? ניין! כל זמן איך וועל וועלען, וועל איך איבער אייך זיין אַ פּריץ״. מיר האָבען זיך צונויפֿגעקליבען אין שיינק, אָבגעזוכט אַ שרייבער און אָנגעשריבען אַ פּאַפּיר אויף איהם.

— וואָס פֿיהרט איהר דאָ מיט איהם פֿאַר אַ צערעמאָניעס, פֿערשטעה איך ניט, אויף וואָסערע כפּרות דאַרפֿט איהר פּאַפּירען? געגעבען איהם האָלז-און-נאַקען—און אויס עסק!

— ניין, ברודער, אַזעלכע זאַכען געהט ביי אונז ניט, דאָס טאָר מען על פּי דין ניט; דאָס איז ניט ביי אייך אין וואַלד — געטהאָן וואָס מען וויל. ביי אונז, ברודער, איז אויף יעדע זאַך דאָ אַ געזעץ: אַ שפּיי טהאָן בפועל ממש טאָר מען ניט אָהן אַ געזעץ, ניט וואָס אַזאַ זאַך, אַראָבמאַכען אַ סטאַרשינאַ. מילא, פֿערשטעהסט דו, האָבען מיר אויף איהם דערלאַנגט צום זעמסקען—אַלץ לויט דעם געזעץ — אַרומגעשריבען אַלע זיינע שעהנע מעשים, מיינסט דו דאָך אפשר, אַז דאָס איז געוועזען אַ פּעולה? ווי אַ טויטען באַנקעס! ער, דאַרפֿסט דו וויסען, איז קלוג ווי דער שד: ער פֿערלויפֿט פֿריהער דעם וועג. ווען ער פֿאָהרט אין שטאָט — אַוועקגעפֿיהרט דעם זעמסקען אַ מתנה: אַ האָז, האָניג, פּוטער, אייער; פֿון שטאָט פֿאָהרענדיג, אַ׳ן ערב יום טוב — געבראַכט אַ הי-טעל צוקער, אַ פֿונט טיי, אַ פּעקעל סיגאַרען, די קינדער קאָנפֿעקטען. מילא, פֿערשטעהסט דו מיך, האַלט דער זעמסקער זיין צד. מיר האָבען שוין פּרובירט דערלאַנגען אי אין סיעזד, אי אין גובערנסקע — מיר בלייבען ביי גאָר ניט. דער זעמסקער, פֿערשטעהסט דו, האָט אומעטום אַ יד אי אין סיעזד אי אין גובערנ-סקע—ער איז מיט זיי מיט אַלעמען חבר-ראַפּ: מען שיכור׳ט אין איינעם, מען שפּיעלט אין קאָרטען אין איינעם, פֿערשטעהסט דו מיך. עס האָט זיך נאָך אויס-געלאָזען, אַז מיר זיינען די שולדיגע, מיר זיינען די אונגערעכטע. אַמאָל פֿאָהרט דאָס אַריין דער זעמסקער און האָט זיך דאָס אַרויפֿגעלאָזען אויף׳ן גאַנצען עולם ווי אַ ווילדע חיה: „בונטאָווששטשיקעס!״ האָט ער געשריען—„מרידות ווערט איהר מיר פֿערפֿיהרען! דער סטאַרשינאַ איז אייך ניט געפֿעלען! ׳ס י ב י ר ווילט זיך אייך! אַ קול זאָל מען פֿון אייך ניט הערען! איך וועל אייך אַלעמען צושמיי-סען און איבערגעבען אין סוד!״—פֿון דעמאָלט אָן, ברודער, שווייגען מיר און ליידען.

— איך פֿערשטעה אָבער ניט, וואָס האָט איהר זיך אַזוי דערשראָקען פֿאַר׳ן זעמסקען: ער איז דאָך איינער און איהר זייט אַ פֿולע. ער וועט זיך דאָך איינער ניט איינקעהרען מיט אייך, מיט אַלעמען. איך זאָג אייך טאַקי מיינס: צונויפֿגעקליבען זיך אַלע אין איינעם און אַרויסגעשמיסען דעם סטאַרשינאַ פֿון אַלע טירען. איז ניט על פּי דין, אַ גרויסע מעשה!

— דו ווייסט נאָך אַ פּנים ניט, אַז פֿאַר אַזעלכע זאַכען איז מען ביי אונז מכבד מיט סאָלדאַטסקע טייטלעך: מען שיקט תיכף אַריין סאָלדאַטען מיט ביק-סען און מען שיסט, און מען שטעכט ווי די הינד.

— און פֿאַר סאָלדאַטען וואָס האָט איהר אַזוי מורא! ? ווער זיינען סאָל-דאַטען? דאָס זיינען דאָך גופא אייערע ברידער, דאָס איז דאָך מעהר ניט אַזאַ פֿערבלענדעניש: רעדט זיך אַקאָרשט אַלע צונויף, וועט איהר זעהען, אַז די סאָלדאַטען גופא וועלען צו אייך צושטעהען. וואָס זאָל איך אייך זאָגען, איהר זייט גאָר שמאַטעס און ניט מענשען. ווי פֿיעל מען שלאָגט אייך, איז נאָך אַלץ ווייניג.



אויף מאָרגען איז געקומען דער סטאַנאָוואָי מיט דעם אוריאַדניק, מיט עט-ליכע סאָטסקעס. (דער סטאַרשינאַ האָט דערלאַנגט, אַז די בויערען האָבען זיך צובינטעוועט, בעת ער האָט געפֿיהרט אַ טאָרג על פי דין). עס האָט זיך דער-גאַנגען, אַז דער פֿיהרער איז געווען ר או ב ן; מען האָט איהם תיכף צוגענומען, פֿערשמיערט און אַוועקגעשיקט אין שטאָט אין געפֿענגניס.

אין עטליכע חדשים אַרום איז געווען זיין משפט און מען האָט איהם פֿער-שיקט אין סיביר.

III

# אין מערב זייט.

דער אַנדער ברודער ש מ ע ו ן איז אַוועק אין מערב זייט. דער לעבען אין די דערפֿער איז איהם ניט זעהר געפֿעלען געוואָרען און ער איז אַוועק אין אַ שטאָט.

ניט דערגעהענדיג עטליכע וואָרסט פֿון שטאָט האָט איהם אָנגעיאָגט אַ אידעל אַ קאַראַבעלניק. ער איז געפֿאָהרען פֿון דאָרף, אַהיים פֿון יריד...

— גוטען אָבענד!

— גוטען אָבענד, גוט יאָהר!

— זעצט אייך, ר׳ איד, איך וועל אייך נעהמען אונטערפֿיהרען אין שטאָט אַריין.

— אַ דאַנק, פֿאַר וואָס ניט.

ש מ ע ו ן האָט זיך געזעצט מיט דעם קאַראַבעלניק. דער לעצטער האָט געוועהנליך תיכף אַריינגערוקט אַ „שלום עליכם", פֿערשאָטען אויף איין מאָל מיט דרייצעהן שאלות: מה שמיכם? פֿון וואַנען זייט איהר? וואוהין געהט איהר איצט? וואָס איז אייער עסק א. ז. וו., אויף וועלכע ש מ ע ו ן האָט איהם געענטפֿערט מיט אַלץ, וואָס איהר ווייסט שוין פֿון פֿריהער.

— וואָס זאָל איך אייך זאָגען, ר׳ ש מ ע ו ן, האָט איהם דער קאַראַבעלניק געזאָגט. אין די קאַנטען זוכט איהר, דאַכט זיך, נעכטיגען טאָג. דאָ אין די

אידישע שטעטלעך איז ניטאָ קיין גוטס. ווייס איך, אפשר אַ אחד מני אלף לעבט ווי עס דאַרף צו זיין, אָבער דאָס רוב אידען זיינען קבצנים, ווי גאָט האָט געבאָטען. פון וואַנען זאָל אַ אידען גוט זיין, אַז מען ווערגט איהם פון אַלע זייטען? גוט איז דעם גוי, אָט איהם איז גוט ווי אַ גלח, ער פערשטעהט גאָר אַליין ניט, ווי גוט איהם איז: זיצט זיך אויף זיין אייגענע ערד, האָט אייגעם ברויט, אייגענע בהמות, אייגענע וואָל, לעבט זיך גוט און רוהיג, ווייס דעם מין ניט פון שווינדעל, פון קאָפּ דרעהעניש, פון גלות. איך האָב פיינד צו זאָגען, אמת, ער האָרעוועט אפילו, ער האָרעוועט ווי אַ פערד ממש, אָבער דערפאַר איז ביי איהם דער מח גלאַט. אונזער איינער אָבער, אַז מען לעבט פון ווינד און מען איז פערדרעהט מיט פראַצענט און מיט וועקסעל פון אַלע זייטען, געהט אַרום טאַקי אָהן אַ זין טאָג טעגליך, און ביי נאַכט אפילו דרעהט זיך די קישעלע צוקאָפּען. מען ווייס ניט, אויף וואָסער וועלט מען איז, קורץ, ר׳ שמעון, אַ אידען איז שלעכט.

שמעון האָט אפילו ניט פערשטאַנען, ווי לעבט מען עס פון ווינד, וואָס הייסט דאָס פערדרעהט זיין מיט וואָבער און פראָצענט, נאָר ער האָט די שאלות אָבגעלייגט אויף שפּעטער און דערווייל אַ פרעג געטהאָן.

— טאָ פאַר וואָס־ושע, זאָגט מיר, זאָלט איהר, אידען, אויך ניט לעבען אַזוי ווי דער גוי, אויף ערד?

— זאָלט איהר געזונד זיין, ר׳ שמעון, וואָס רעדט איהר, אַ איד אויף ערד! אַ איד טאָר אפילו ניט וואָהנען אין דאָרף, ניט וואָס ערד אַרבייטען.

— סטייטש, ער טאָר ניט? ווי הייסט, ער טאָר ניט? וואָס רעדט איהר דאָס?

— אָט דאָס, וואָס איהר הערט, ר׳ שמעון. מיר, אידען, פערשטעהט איהר מיך, זיינען אין גלות. (איהר ווייסט נאָך ניט, ר׳ שמעון, דעם טעם פון גלות: ביי אייך אין וואַלד איז דאָך געווען אַ גן עדן.) איבער אונז ציטהוט מען, וואָס מען קען. אָט איז דיר דאָ אַ גזירה, אַז אַ איד טאָר ניט וואָהנען אין דאָרף און אין די שטעט אויך ניט אין אַלע, פרואוו געהען אַהין צו מזרח צו, צו צפון צו, וועסט דו אַ אידען אין קיין שטאָט אויף אַ רפואה ניט קריגען.

— איך האָב זיך שוין אפילו אַ ביסעל אָנגעהערט אין וועג הערען אייערע פּאַראַנדקעס, מיט אייערע דינים, נאָר אַזאַ ווילדען דין האָב איך נאָך ניט געהערט: וואָס הייסט אַ גאַנצען פאָלק פערשפּאַרען אין איין ווינקעל, אָט דאָ מעגסט דו וואָהנען און דאָ ניט? ערשטענס, מיט וואָס זיינען אידען ערגער ווי ניט אידען? און צווייטעס, ווער איז דאָס עפּעס אַ בעל הבית אויף די ערד? די ערד געהערט יעדען מענשען גלייך.

— ביי מיר, ר׳ שמעון, האָט איהר גע׳פּועל׳ט, אָבער דערווייל איז די מעשה פאָרט אַזוי ווי איך דערצעהל אייך, און מיר, אידען, ווערען טאַקי פון דעם געזעץ אויסגעריסען נאָך די יאָהרען און טעג.

— און די אידען שווייגען דאָס? פאַר וואָס גיבען זיי זיך ניט אַ וואָסער עצה מבטל צו זיין דעם געזעץ מיט גוטען צו מיט בייזען?

— איהר רעדט גאָר ווי אַ קינד, זאָלט איהר קיין פּאַריבעל ניט האָבען. וואָס האָט אַ איד אין מלוכה פאַר אַ ווערט? זאָלען נאָר פּרוואווען אידען אַ פּיפּס טהאָן, וועט מען זיי צורייבען אויף מעהל?

— נו, טאָ פאַר וואָס מאַכען די אידען ניט אָב יד אחת מיט די בויערען? ווי איך האָב זיך פון זיי אָנגעהערט, לעבען זיי ניט אַזוי גוט, ווי איהר מאַכט אָב. איז דאָך, דאַכט זיך, די גלייכסטע זאַך: אָבגעמאַכט מיט זיי איין האַנד און אַרויס מיט ברייטקייט, עס זאָל ווערען אַלעמען בעסער! ניש-קשה, קהל האָט ברייטע פּלייצעס און איהר וואָלט טאַקי אויספיהרען.

— דאָס, ר׳ שמעון, רעדט איהר עפּעס גאָר מי יודע וואָס: דאָס איז דאָך אַ מין מרידה.

— נו, מילא, אַז אַ מרידה איז וואָס? מה רעש? אַבי אויספיהרען, וואָס מען וויל! און בפרט, אַז מען איז דאָך ניט אויסען עפּעס עולות! אדרבא, מען מיינט דאָך מעהר ניט ווי יושר, טובת-הכלל, צוליעב אַזאַ רעכטע זאַך, פאַר וואָס ניט טאַקי אַ מרידה?

— דאָס איז גאָר ניטאָ וואָס צו הערען. אַ איד איז ברוך השם אַזוי אין גלות און איהר ווילט נאָך, ער זאָל זיך מישען אין מלוכה-זאַכען. ד׳וויים, חזק! נאָר מיר האָבען זיך מיט אייך פערערדט, ר׳ שמעון, און מיר זיינען, אין מחשבות׳ן, שוין געקומען אין שטאָט אַריין. פערפאָהרט צו מיר נעכטיגען, איהר וועט ביי אונז זיין אַ גרייליכער גאַסט און ביי מיין פּלונית׳טע איז אַ גאַסט גאָר די גאַנצע וועלט.

זיי זיינען צוגעפאָהרען צום קאַראַבעלניקס הייס.

עטליכע קינדער, גרויסע און קלענערע, זיינען אַרויסגעלאָפען ענטגעגען מיט התפעלות און מיט אַ׳ן אויסגעשריי: „טאַטע! טאַטע! שלום עליכם!" די קלענערע האָבען זיך תיכף מיט אימפּעט געלאָזט לויפען צוריק, איינער איבער דעם אַנדערען, דער ערשטער צו פערכאַפּען אָנזאָגען דער מאַמען די בשורה. זיי האָבען נאָך אויף׳ן גאַס געשריען: „מאַמע! דער טאַטע פאָהרט!" דער קאַ-ראַבעלניק מיט שמעון׳ען זיינען אַראָב פון וואָגען, איבערגעגעבען דעם פערד די עלטערע אינגלעך און אַריין אין שטוב.

— זיצט, ר׳ שמעון, האָט דער בעל-הבית געזאָגט, וויזענדיג אויף אַ ווייסע הילצערנע באַנק; רוהט אייך אויס פון וועג.

באַלד איז אַריין אַ דאַרע, בלייכע אידענע מיט אַ כלי מילך, איבערגע-דעקט מיט׳ן פאַרטוך (עס זאָל קיין עין הרע ניט שאַדען, וואָס די ציג גיט אַזוי פיעל מילך).

—גוטען אָבענד! האָט זי פריינדליך געזאָגט. שלום עליכם דיר! וואָס מאַכסט דו?

— גוט יאָהר! עליכם שלום! ניש-קשה, געלויבט איז דער אויבערשטער. וואָס מאַכסט דו?—אָט האָבען מיר אַ גאַסט. גיב זיך עפּעס אַרויס, שרה לאה, לכבוד אַ׳ן אורח מיט אַ גוטער וועטשערע: איהר, ר׳ שמעון, מוזט אויך זיין הונגעריג אודאי.

— אַז איהר זאָגט, ר׳ ש מ ע ו ן, גלות, האָט ביים טיש ווידער דער בעל-הבית אָנגעהויבען. וואָס ווייסט איהר וואָס גלות באַדייט? אָט זעהט איהר מיך מיט אַזאַ געזונדעל קיין עין הרע, און אין וואָס פאַר אַ דירה׳לע מען איינגט זיך; איהר וואָלט אַ קוק טהאָן מיט אַ יאָהר אַנרערטהאַלבען צוריק ס׳אַר אַ נחלה איך האָב געהאַט, אויף אַלע אידען געזאָגט געוואָרען...

— איצט ברוך השם, האָט די בעל-הבית׳טע אונטערגעכאַפּט, שאָקלענדיג מיט׳ן קאָפּ אין זיפּצענדיג, וואַלגערען מיר זיך אין פרעמדע דירות, אין חשך׳דיגע. ווי פּיעל האָב איך געקריינקט ברוך השם אויף דער שטוב, ביז מיר זיינען פון דעם וואָכער פּטור געוואָרען!...

— לאָז, פאָלג מיך, דיינע מעשות אויף אַ׳ן אַנדערס מאָל, האָט ער איהר שמייכלענדיג איבערגעשלאָגען. מיר ריידען מיט ר׳ ש מ ע ו ן׳ען גלאַט וועגען וועלט זאַכען. — מיין שטוב, זאָג איך אייך, ר׳ ש מ ע ו ן, האָט מען פער-קויפט פון טאָרג פאַר אַ שטראָף פון 300 רובל דערפאַר, וואָס איך בין אַ איד. האָב איך אַ׳ן ערך ניט חטא בעגל געווען, אַזוביי מיר איז אַ זוהן מיט 23 יאָהר צוריק געשטאָרבען אַ נופל׳ע פון עטליכע וואָכען און איז פאַר צוויי-יאָהרען צום פריזיוו ניט געקומען?

— איך פערשטעה אייך לגמרי ניט.

דער בעל-הבית האָט איהם געגעבען צו פערשטעהען דעם געזעץ פון די 300 רובל שטראָף, וואָס פאַלט מעהר ניט ווי אויף אידען.

— איך האָב צונויפגעקליבען התימות פון שטאָט, האָט דער בעל-הבית געענדיגט, אַז דער זוהן איז געשטאָרבען — און עס האָט אַלץ ניט געהאָלפען. אַ אידען איז ניטאָ קיין גלויבען און מיין שטוב איז דערווייליע געבליבען אין קאַזנאַ.

— אַ גוואַלד, וואָס פאַר אַ ווילדער געזעץ ביי אייך איז, אַ גוואַלד!

— און יעדער איד האָט זיך זיין פעקעל צרות, יעדער איד ליידט גלות אויף אַ בעזונדער אופן. אָט האָב איך אַ פלימעניק, אַ יתום, אַ בהור שוין עט-ליכע און צוואַנציג יאָהר, אַ געוועזענער עילוי, אַמאָל האָט מיט איהם די וועלט געקלונגען; דער ראש ישיבה האָט געזאָגט, אַז פון איהם וואָלט אַרויס אַ צאַצ-קע אַ זאַך, נאָר ניט דאָס בין איך איצטער אויסען. עס האָט אין איהם אַריינגע-בלאָזען אַ׳ן אַנדער ווינד און ער האָט אַ קעהר געטהאָן אין בילדונג, אין השכלה זאַכען. אין אַ יאָהר צייט האָט ער אויסגעהאַלטען די עקזאַמענס און געוואָלט פאָהרען שטודירען אויף אַ דאָקטאָר צו אויף אַ׳ן אַדוואָקאַט, ד׳ווייס אויף וואָס — האָט מען איהם ניט צוגענומען, ווייל ער איז אַ איד (אַזש אויף מיינע שונאים געזאָגט געוואָרען, וואָס פאַר אַ איד ער איז). איצט וואַלגערט ער זיך ערגעץ אין אויסלאַנד אָהן אַ ביסען ברויט. אָט איז אייך אַ איד! איך זאָג, אַ קאָפּ — אַ גאון בפועל ממש, און גאָר נישט...

— היינט אדרבא, אדרבא, בלייבט דאָך טאַקי אַלץ מיין שאלה, פאַר וואָס זאָלען זיך ניט צונויפריידען אָט די, וועמען עס איז ניט גוט, איך מיין די אי-דען מיט די בויערען אין איינעם, און אַרויס ביד חזקה?

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז דאָס איז ניט קיין פּלאַן. ערשטענס, איז דאָס אַ מרידה במלכות, דערפאַר קומט אודאי קאַטאָרגע, ס י ב י ר, אויב ניט הייגגען.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מינים ?

דער בעל-הבית האָט איהם געגעבען צו ערקלעהרען.

— דאָס, זעהט איהר, איז ווערט אַ שמעק טאַבאַק: אַ קהל הייגגט מען ניט אויס. און ווער זאָל גלאַט זיין דער הייגגער, אַז כמעט אַלע וועלען זיין אונזער צד? ווי פיעל איז גאָר די פּריצים און נאַטשאַלסטווע? ד'ווייס, זיי וועלען בטול בשישים ווערען?

— איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, ר' ש מ ע ו ן, אַז אַזעלכע זאַכען ליגען מיר אפילו אין דער לינקער פאה ניט. ווער האָט דאָס צייט צו קלעה-רען וועגען אַזעלכע זאַכען? די וועלט האָט זיך ניט פון אינז אָנגעהויבען, ניט מיט אונז וועט זי זיך אויסלאָזען. לאָז געהען ווי עס געהט.

— דאָס, זעהט איהר, האָט איהר אַ גרוויליכען טעות. וואָס הייסט: זאָל געהען ווי עס געהט! אַז מיך אַרט ניט פאַר זיך, טאָ ווּעמען וועט פאַר מיר אַרען? נאָר — אַליין! יעדער, וועמען עס איז ניט גוט, דאַרף זעהען זיך אַליין העלפען, ניט וואַרטען אויף לייטען. און בפרט, אַז ניט גוט, ווייס איך, איז כמעט אַלעמען.

— זאָלט איהר געזונד זיין, ר' ש מ ע ו ן, איהר רעדט אין פלוג אפילו גאָר צו דער זאַך. אַ סך קליגער נאָך פאַר אונזער שטאָט-מגיד, נאָר דאָך... ווי רעדט מען זיך דאָס צוזאַמען מיט אַ וועלט מענשען? און אגב, וואָס זאָל איך אייך זאָגען, זיינען עפּעס גלאַט אידען מיט גויים קיין פאָר ניט.

— פאַר וואָס עפּעס קיין פּאָר ניט? און פאַר וואָס ניט צונויפריידען זיך? דאָס איז דאָך ביידענס טובה! אדרבא, איך רעכען, אַז אי די אידען אי די בויערען וואָלטען זיך דערפאַר אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענד.

— אַז איהר זאָגט, ר' ש מ ע ו ן, צונויפריידען זיך! צונויפריידען זיך מיט אַ גאַנצער וועלט געגען זאַקאָנעס, געגען מלוכה-זאַכען, איז דאָך שוין אַ גרויסער ענין. וואָס דאַרפט איהר מעהר, אָט איז ביי אונז אין שטאָט אין קלענערע עולמות, סך הכל אין אופראַווע... נאָר איהר ווייסט דאָך אודאי ניט, וואָס דאָס איז, וועל איך אייך בקיצור זאָגען. יעדע שטאָט קלייבט אַליין גופא אויס עטליכע מענשען, זיי זאָלען פיהרען די בעל-הבית'שקייט פון שטאָט און דאָס רופט זיך אופראַווע. היינט די אופראַווע-לייט האָבען דאָך אודאי, אין פלוג, געדאַרפט זעהען נאָר די טובה פון שטאָט. איז וואָס לאָזט זיך אויס, אַז זיי זיינען אַרויפגעפּאָהרען אויף'ן שטאָט רייטענדיג און שטעלען די שטאָט בדלות. אָט האָבען זיי זיך דיר אַנומעלט מישב געווען און געמאַכט אַזאַ מין גזרה: יע-דער בויער, וואָס קומט אין שטאָט אויף'ן מאַרק, דאַרף צאָהלען פינף קאָפּיקעס פאַר דעם אָרט. אָט מאָרגען איז ביי אונז אַ יריד. אַז איהר פוילט זיך ניט, געהט אַריבער אויף אַ טשעקאַוועס אַ קוק טהאָן, וואָס פאַר אַ גזרה דאָס איז.

עס איז שעהן צו זאָגען אַ גזרה, אַ גזרה צו אַ גזרה איז ניט גלייך! זיי האָבען אַ העלפּט שטאָט, בפועל ממש, בדלות געשטעלט. עס ריהרט אָן אַלעמען! דער מאַרק-הענדלער איז דאָך ניט שייך צו זאָגען אָבגעקווילעט אָהן אַ מעסער; ניטאָ וואָס צו קויפען וואָס אַ האָר איז ווערט, אַז דער גוי האָט לגמרי אויפגעהערט אין שטאָט צו פאָהרען, די הענדלערקעס, די אָרעמע ווייבער, נעביך...

— איך שלאָג אייך איבער אייערע רייד, ר' ח י י ם — אַזוי האָט דער בעל-הבית געהייסען — נעהמט ניט אָן פאַר אונגוט. זאָגט מיר, זייט מוהל, וואָס זיינען דאָס אַזוינס „מאַרק-הענדלער"?

— דאָס זיינען גאָר פשוט אַזעלכע אידלעך, וואָס קויפען אויף ביים גוי אויף'ן מאַרק: תבואה, לייגזוימען, פלאַקס, חזיר-האָר, פעלכלעך א. ד. ג. און פערקויפען נאָכדעם אַ גרעסערן סוהר, אָדער גלייך אין קאַנטאָר, און די שיקען דאָס אַוועק אין אויסלאַנד. אין אויסלאַנד האָבען זיי ווייניג אייגענעם ברויט, פערשטעהט איהר מיך, און פון די זוימען, פלאַקס, חזיר-האָר, פעלכלעך מאַכט מען דאָרטען אַליין, לייגוואַנד, בערשטלעך, בייטעלעך, האַנדשוה א. ד. ג.

— אויב אַזוי... אַז די מאַרק-הענדלער קויפען דאָס אויף ניט פאַר זיך, נאָר פון לייטענס וועגען, טאָ וואָס געהט זיי עס אַזוי אָן, אַז דער גוי האָט אויפגעהערט אין שטאָט צו פאָהרען? לאָז די קאַנטאָר זאָרגען. וואָס איז דאָס זיי נוגע?!

— זאָלט איהר געזונד זיין, ר' ש מ ע ו ן, איהר פערשטעהט גאָר די וועלט ניט. איהר מיינט, אַז די מאַרק-הענדלער טהוען דאָס פון מצוה וועגען. ניין, ליעבער ר' ש מ ע ו ן, רק צוליעב דער קאָפּיקע, צוליעב דער ביטערער פרנסה...

— וואָס הייסט צוליעב דער קאָפּיקע, ווי אַזוי דען?

— גאָר פשוט: זיי קויפען, למשל, ביים גוי דעם בינדעל פלאַקס פאַר אַ רובל און פערקויפען עס אין קאַנטאָר פאַר אַ רובל מיט אַ פיערטעל אָדער אַנדערהאַלבען.

— הייגט פאַר וואָס זאָל בעסער דער גוי גופא ניט פערקויפען זיין בינדעל פלאַקס אין קאַנטאָר טייערער? אויף וואָסערע כפרות דאַרף ער דעם מאַרק-הענדלער פאַר אַ מעקלער?

— און וואָס זאָל דער איד טהאָן, לייגען די ציינער אויף'ן פאָליצע?

— זאָל ער אַליין אַרבייטען... אָבער וואָס איז דער גוי שולדיג? ער האָרעוועט, האָרעוועט אין דאָ קומט דער איד און נעהמט ביי איהם פשוט אָב זיין האָרעוואַניע אומזיסט און אומנישט!

— וואָס הייסט דער איד נעהמט אָב! דאָס איז דאָך זיין עסק, זיין כשר'ע פרנסה, אַ שעהנער אָבנעהמען, ניטאָ וואָס צו ריידען! סטייטש! ווי דען! וואָס איז, ער גנב'עט ביים גוי? ער נעהמט ביי איהם מיט געוואַלד? ער בעצאָהלט איהם מיט גוט געלד. אַי, ער פערדיענט דערביי וואָס: איז ווי דען זאָל זיין? אַזוי פיהרט זיך די וועלט, ר' ש מ ע ו ן, דער איד לעבט פון דעם גוי, די קאַנ-

טאָר פֿון דעם אירען, אויסלאַנד פֿון די קאַנטאָרען און דער רעדעלע דרעהט זיך.

— הערסט דו! אָט דאָס איז דאָך טאַקי מיין קשיה! פֿאַר וואָס לעבט דאָס עפּעס איינער פֿון דעם אַנדערען? דאָס איז דאָך טאַקי אַ׳ן עולה. יעדער דאַרף אַליין אַרבייטען אום צו לעבען, ניט לעבען פֿון יענעמס מיה.

אסור, אויב איך פֿערשטעה! אוודאי פֿון מיה און מאַטערניש, ווי דען! און וואָס מיינט איהר, אַז דעם אידען קומט אָן גרינג אַ קאָפּיקע פּרנסה, אָהן יסורים. אָה, ר׳ שמעון, ווי דער שטערען שוויצט אָן, ביז מען פֿערדיענט אַ קאָפּיקע.

— אָבער די קאָפּיקע, וואָס ער פֿערדיענט, איז דאָך פֿאָרט דעם גוי׳ס און ניט זיינע: דער גוי האָט דאָך געהאָרעוועט אויף׳ן פֿלאַקס, ביז ער איז געוואָרען אַ סחורה, און ניט ער...

— היינט אם כן פֿרעגט אין קאַנטאָר, וואָס פֿערדיענט אין פֿלאַקס, ווייס איך, עשרות אלפים, פֿאַר וואָס איז אייך דווקא דעם אידענס קאָפּיקע אַזוי גרויס אין די אויגען?

— דאָס איז נאָך אַ גרעסערע עולה...

— איז וואָס דען ווילט איהר? אַז וואָס? אַז אַלע בייערען זאָלען אַליין פֿאָהרען אין אויסלאַנד פֿערקויפֿען יעדער זיין בינדעל פֿלאַקס, זיין פּעקעל חזיר-האָר. ד׳לעבען, איהר רעדט גאָר מי יודע וואָס...

— דאָס וואָלטען זיי זיך שוין געבען אַ׳ן עצה; זיי וואָלטען איינעם שיקען אויף קהל׳שע הוצאות אָדער מען וואָלט צו זיי קומען פֿון אויסלאַנד. אָבער ניט גלאַט אין דער וועלט אַריין, זייער טרחה זאָל בלייבען ביי די הענדלער, ביי קאַנטאָריסטען.

— פֿאָלגט מיך, ר׳ שמעון, לאָמיר לאָזען דעם פּלפּול אויף אַ׳ן אַנדערס מאָל. איך וויל אייך אויספֿיהרען דעם ענין פֿון דעם מאַרק-שטייער. זאָג איך אייך, אַז מען האָט פּשוט אָבגעקוילעט אַ שטאָט פֿון גרויס ביז קליין. נעהמט למשל די הענדלערקעס, די אָרימע ווייבער נעבעך, זיי זיינען געבליבען אָהן אַ ביסען ברויט: מען קען זיך אַ הון, אַ צעהנדליג אייער, אַ מעסטעל קאַרטאָפֿעל ניט דערקויפֿען. די זעלבע זאַך די בעלי-מלאכות, וואָס טראָגען אַרום אויף׳ן מאַרק די בווערשע שטיוועל, היטלען, אַלטע קליידער, אפילו די, וואָס האָבען מיט׳ן מאַרק קיין געשעפֿטען ניט, האָט דאָס אויך אָנגעריהרט: אַ וועגיל האָלץ, אַ וועגיל היי איז געוואָרען אין דרייען, אַז מען זעהט אַ גוי אין די אויגען ניט...

שמעון האָט געדריקט מיט די אַקסלען.

— אָט איז אייך אַ זאַקאָן ניט פֿון מלוכה און מען קען אויך ניט העלפֿען; דער זאַקאָן וואַקסט סך הכל גאָר פֿון אונזער איינעם, פֿון אַ יהודי. — אופּראַווע, דאַרפֿט איהר וויסען, ר׳ שמעון, אָהן אַ אירען, איז עפּעס ווי אַ קאָזאַק אָהן דער פּיקע: און יעדער אופּראַווע כמעט איז דאָ אַ איד, וואָס פֿיהרט די גאַנצע גראַנדע. ביי אונז איז פֿאַראַן אַ שעפּע דער גלאַסנער, אַ בלוט-צאַפּער, אַ קהל׳שע פּיאַווקע, וואָס איז צו איהם קיין גלייבען ניטאָ. עס איז איהם ווײ-

ניג די וועלט: די לאַטערנעס, היי פֿאַר פּאָזשאַרנע, די גאַסען ברוקירען, פּוצען די שטאָט פֿאַר דער קאָראָנאַציע, דאָס איז אַלץ זיינע געשעפֿטען. ניין! איהם איז נאָך ווייניג! האָט ער דיר אויפֿגעטהאָן אַ נייע סברא: מאַרק-געלד, דוהע-געלד, שדים ווייסען איהם וואָסער געלד, ווייטער אַ געשעפֿט, ווייטער אַ'ן ערטעל, וואו קהל'שע געלד צו צאַפּען. אַי די שטאָט ווערט בדלות? בלייבט דאָס איהם די לעצטע דאגה.

— איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, ר' ה י י ם, די גאַנצע מעשה מיט די הענדלער, מיט די קאַנטאָרען איז מיר לגמרי ניט געפֿעלען: זעהר ניט אַ כשר'ע פרנסה, אַ גרוויל ווי ניט, נאָר... נאָר איינס צו דעם אַנדערען איז ניט שייך, דער אָבצאָהל, די דוהע-געלד איז פֿאַר זיך אַ גזלה, וואָס פֿערלויפֿט ניט אין אַ וועלט; דערינען דאַרף די שטאָט אוזדאי ניט שווייגען.

— נו, ניט שווייג, שריי צו גאָט! וואָס מאַכט מען מיט אַזאַ רוצח היער; ער רייסט דערוויילע די לעצטע קאָפּיקע און דער עולם ליידט און שווייגט.

— פֿאַר וואָס-זשע ליידט מען? ניט געצאָהלט אַ קאָפּיקע ניט, און אויס עסק.

— איהר פֿערגעסט, ר' ש מ ע ו ן, אַז דאָס איז ניט ביי אייך אין וואַלד. ביי אונז איז דאָ געלע קנעפלעך צוליעב אַזעלכע מעשות.

— דאָס איז חוק, מען וועט ניט נעהמען אַ מאַרק מיט מענשען און ד'ווייס וואָס.

— אָבער איך טענה אַלץ מיין טענה, ווי רעדט מען זיך צונויף מיט אַ מאַרק מענשען.

— דאָס איז ניט אַזוי שרעקליך ווי איהר מיינט. אָט אדרבא לאָמיר זיך מאָרגען נעהמען דערפֿאַר. אָט וועט איהר זעהען, אַז מען וועט אויספֿיהרען.

— הלואי זאָלט איהר אמת זאָגען, די שטאָט וואָלט אויביג דאַנקבאַר זיין.

דערמיט האָבען זיי געענדיגט דעם געשפרעך.

אויף מאָרגען אָקערשט בעגינען איז ש מ ע ו ן מיט דעם בעל הבית אַוועק אין מאַרק.

פֿאַר ש מ ע ו ן'ען איז דאָס געווען עפּעס אַלץ ניי: אידען לויפֿען אַרום, ווער מיט אַ בעזמיען אונטער'ן האַנד, ווער מיט אַ פֿלאַקס-מעסער, ווער מיט שוך-וואַרג, ווער מיט היטלען, מיט אַלטע קליידער אויף ביידע הענד און ווער געהט אַרום אַזוי גלאַט, שמעקען, שנאָרען... אויף'ן מאַרק זיינען נאָך כמעט קיין בויערען גאָר ניט געווען: עס האָט זיך נאָך דער מאַרק ניט אָנגעהויבען.

— גוט מאָרגען, אידען! האָט ש מ ע ו ן'ס בעל-הבית אַ זאָג געטהאָן צו אַ רעדעל מיט מענשען, וואָס זיינען געשטאַנען גלאַט אַזוי און געשמועסט אין דער וועלט אַריין, סוחר'שע נייס, וועלטליכע נייס.—גוט מאָרגען! איך האָב אַזאַ און אַזאַ אורח. (ער האָט זיי אָנגעוויזען מיט'ן גרויסען פֿינגער אויף ש מ ע ו ן'ען) און ער האָט זיי דערצעהלט אַלץ מיט אַנאַנדער.

יעדערער האָט קודם כל ש מ ע ו ן'ען אַריינגערוקט אַ „שלום עליכם", אַ פֿרעג

געטהאָן אין דער גיך „מה שמיכם?" אָדער עפּעס אַ׳ן אַנדער שאלה פֿון די געוועהנליכע שאלות, ביז מען איז אַרויף אויף דעם ענין פֿון דוהע-געלד.

— מיינט איהר דאָך, האָט זיך אָבגערופֿען שמעיה דער מעקלער, אַז ר׳ שמעון איז ניט גערעכט,—גערעכט ווי גאָר די וועלט, ווי איהר זעהט מיך אַ אידען. וואָס דען: קוקען זיי אין די ציינער, די קהל׳שע געלד-פּרעסער? זאָט זיין מיט די גענזלעך און מיט די גריבענעס, וואָס זיי פּרעסען אַריין אויף קהל׳-שען רעכנונג! איהר טהוט נאָר אַ קיק אויף׳ן מאַרק: עס איז דאָך געקומען, בפועל ממש, אָנטהאָן אַ טאָרבע און געהען איבער די הייזער. אַ קאַטאָוועס דער ידיד: דער מאַרק פֿלעגט זיך דאָך ברעכען, מען פֿלעגט דאָך פּעררדיענען אויף דריי חדשים ברויט, און איצט, זעהט נאָר, ס׳איז נאָך אַ הונד ניטאָ!

— אַ גויט איז טאַקי דעם גוי צו פֿאָהרען דוקא צו אונז, האָט אינטער-געכאַפּט אַ בעיאָהרענטער איד, זעהר אַ געניטער מענש. וואָס פֿעהלט איהם האַנדיקעווע, וואו ער צאָהלט גאָר ניט? פֿאָהרט ער נאָך 20 וויאָרסט. ער דאַרף דען, ווי אונזער איינער, פֿוהרען דינגען? און אַז ניט זיצט ער דיר גאָר אין דער היים. אויף וואָסערע כפרות דאַרף ער די שטאָט: ברויט האָט ער, מילך האָט ער, לייוועגד האָט ער, טאָמער דאַרף ער קעראָסין, איז איהם גוט קינע-לעך, שפּענדלעך. אָבער אַ׳ן אונזער איינער, אַ איד וואָס זאָל טהאָן? דאָס טאָר ער ניט, יענס טאָר ער ניט. היינט, אַז דעם לעצטען ביסען נעהמט מען ביי אייך אָב—איז דאָך פשוט אויס וועלט. מען דאַרף דערינגען ניט שווייגען, אי-דען, ר׳ שמעון איז דאָך דורכאויס גערעכט, אַז מען נעהמט ניט מיט גע-וואַלד, האָט מען ניט.

— אָבער ווי-זשע, ווי-זשע הויבט מען אָן?

— דאָס איז ניט אַזוי שווער, האָט שמעון געזאָגט, אָט זייט איהר דאָך אַ אידען צוואַנציג...

— וואָס עפּעס צוואַנציג, האָט איהם איינער איבערגעשלאָגען, דאָ איז מאַרק-מענשען אונזערע אודאי פֿופֿציג.

— פֿופֿציג? ד׳ווייס, פֿאַר וואָס ניט בעסער הונדערט, האָט נאָך איינער אונ-טערגעכאַפּט.

— מיט אינגלעך וועט זיך אָנקלייבען גוטע ק״ן, האָט אַ דריטער מוסף געווען.

— ק״ן איז אַ גוזמא, האָט אַ פֿיערטער אַריינגעזאָגט.

— דאָס איז אַ קליינע נפקא מינה: צוואַציג, פֿופֿציג צו הונדערט. צו-שפּרייט זיך אַלע איבער׳ן מאַרק און רעדט איבער מיט די בויערען, עס זאָל היינט ווערען אָבגעטהאָן דער עסק: ניט געצאָהלט און אַ׳ן עק.

— ד׳לעבען, ר׳ שמעון, איהר זייט אַ גרייליכער בעל עצה; איהר זייט וערט דערפֿאַר אַ שמעק טאַבאַק, האָט ווידער שמעיה דער מעקלער געזאָגט, ויסשטעלענדיג די פּושקע מיט טאַבאַק. יעדער פֿון אונז האָט זיין קאַנט גוים, זינע בעקאַנטע דערפֿער—עס וועט אַראָב ווי אַ מזמור.

— ניין, ר׳ ש מ ע י ה, ניט אַזוי גרינג טהוט זיך ווי עס רעדט זיך, האָט איינער אַ זאָג געטהאָן.

— עס איז ווערט ווי פיעל אָט דער שמעק טאַבאַק, נאָר שלאָפּט דערי-נען ניט און רייבט ניט די צייט.

די אידען האָבען זיך פֿאַנאַנדערגעשאָטען איבער׳ן מאַרק, יעדערער צו זיי-נע בעקאַנטע בויערען.

— זעהט דאָך, האָט אַ בויער געזאָגט, וואָלט דיר אַ גאַש בראָט אַריין פֿאַלען אויף אַזאַ המצאה!

— איצט איז ניט קיין צייט צו טאָטשען ביאַלעס, רייסט איהם איבער דער איד: איצט דאַרף מען אַרבייטען אין אונזער עסק. דו, א י ו ו אַ ן, זאָלסט שטעהען דער ערשטער. ביי דיר איז אַ גלאַט צינגעל און דו האָסט אין זיך העזה. אָט זיי, די טאָרבעס, האָב איך מורא, ווערען זיך דערשרעקען, אַז דער פריקאַש-טשיק מיט דער סומקע וועט קומען נאָך די פֿינף קאָפּיקעס.

— דאָס ביסט דו גערעכט, האָט א י ו ו אַ ן מיט גרויסקייט געענטפֿערט. אויף זיי קען מען זיך ניט פֿערלאָזען, נאָר פֿריהער דאַרף מען געהען גוט אַריינגיסען, כדי מען זאָל ביי זיך זיין ברייטער אין דער דעה.

דער איד איז אַריין אין שיינק מיט אַ גאַנצער חברה בויערען און מען האָט אַלע אין איינעם געמאַכט אַ גוטען „לחיים״.

— אָהה, אָהה! האָט א י ו ו אַ ן געזאָגט, אַרויסגעהענדיג פֿון שיינק אַ ביסעל שוין „מראה-כהן׳דיג״, אָנשטעלענדיג דעם פֿויסט, אָט דאָס וועל איך איהם גע-בען און ניט געלד! און ער מעג דאָ מיר ברייגנען אַהער אפילו גאַנין פּאָליציי! וואָס איז מיר פּאָליציי! איך שפּיי אויף זיי!

ש מ ע ו ן האָט געקוואָלען פֿאַר שמחה, הערענדיג אַזעלכע ווערטער, און האָט צוגערוקט זיך נעהענטער צו דער חברה.

אין אַ קליינער צייט אַרום איז צוגעגאַנגען אַ פריקאַשטשיק מיט דער סומ-קעלע צו די בויערען.

א י ו ו אַ ן האָט זיך אַרויסגערוקט צו איהם דער ערשטער.

אָט גיב גיכער די פֿינף קאָפּיקעס, איך האָב קיין צייט ניט געבען דיר אַ סך צו שטעהען! דו ביסט ביי מיר ניט איינער.

א י ו ו אַ ן האָט זיך אַ ביסעל פֿערלאָרען.

— ניט גיב, א י ו ו אַ ן! האָט ש מ ע ו ן פֿון דער זייט אַ געשריי געטהאָן. פֿאַר וואָס קומט דיר געלד, זאָג מיר, האָט ער צום פריקאַשטשיק אַ זאָג גע-טהאָן, דאָס איז דיין וועלט, קיינער טאָר איהר אויף ניט שטעהען, וואָס?

— אָט דאָס וועל איך דיר געבען! האָט א י ו ו אַ ן שוין געזאָגט מיט העזה, אויסשטעלענדיג אַ פֿייג—אַנטלויף, כל זמן דיינע ביינער זיינען נאָך גאַנץ!

— אַ קאָפּיקע וועלען מיר ניט געבען! האָט אויסגעשריען די גאַנצע מאַ-סע. עס האָט זיך אַרומגעקליבען אַ גאַנצע רעדעל מיט בויערען, וואָס איז אַלץ גרעסער און גרעסער געוואָרען.

דער פּאָדריאַדטשיק האָט דערזעהען פֿון ווייטען, אַז עס איז עפּעס ניט גלאַט, איז ער אַליין צוגעלאָפֿען, דורכגעדריקט זיך מיט ברייטקייט צווישען דעם עולם צו איוואַנען צו.

דער עולם האָט זיך דערווייל נאָך מעהר צוקאָכט.

— געלד גיב! האָט ער אַ געשריי געטהאָן אויף איוואַנען און אַ טופּע געטהאָן מיט'ן פוס.

— קלעפּ גיט איהם! האָט מען אויסגעשריען פֿון עולם.

— גיט איהם, דעם גראָבען בויך, ער זאָל ניט וויסען, פֿון וואַנען ער איז געקומען!

— שלאָגט, ברידער; שלאָגט, ווי פֿיעל עס קריכט!

— קלאַפּט, פֿאַר אונזער בלוט!

— אורראַ! קלאַפּט! האָט די מאַסע אַ געשריי געטהאָן.

— אור-ר-ראַאַ! האָט אויסגעשאָסען דער גאַנצער מאַרק ווי פֿון אַ האַר-מאַט.

עס איז געוואָרען אַ רעש, אַ מהומה; עס האָט געגומען טרעסקען, קלאַ-פּען, די פּאָליצייסקע פּייפֿען... עס האָט געגומען פֿליהען שייטער האָלץ, האַל-בע דישלעס, סומקעס מיט קליין געלד, עס איז געוואָרען אַ תל עולם...



אויף מאָרגען האָט מען שמעון'ען אַריינגעזעצט אין אָסטראָג און אין עטלי-כע חדשים אַרום פֿערשיקט אין סיביר, צום ברודער צו גאַסט.

IV

# אין צפון זייט.

דער דריטער ברודער, דוד, איז אַוועק אין צפון זייט אַהין צו דער גרוי-סער שטאָט מיט די הויכע מויערען, וועלכע ער האָט פֿון בוים געזעהען. ער האָט זיך אפילו ניט אָבגעשטעלט אין די דערפֿער, וועלכע ער איז דורכגעגאַנ-גען; עס האָט איהם געצויגען אַהין, אין כרך אַריין.

— אָט, דאָס איז געלעבט! האָט דוד געטראַכט, אַריינגעהענדיג אין איי-נע פֿון די גרויסע גאַסען פֿון דער שטאָט... ער איז אומגעגאַנגען איבער די גאַסען, ווי אַ צומישטער. ער האָט ניט געקענט אַרומנעהמען מיט'ן מח אַזעלכע מיני מויערען, אַזעלכע לאַגערען פֿון אַלערליי סחורות, אַזעלכע מיני אויס-שטעלונגען אין די פֿענסטער, אַזעלכע בעלייכטונגען, אַזאַ קאָכעריי אין די גאַ-סען, אַזוי פֿיעל גוטס, אַזוי פֿיעל רייכקייט אויף יעדען שריט אין טריט!

ער האָט זיך אָבגעשטעלט קוקען נעבען אַ פֿענסטער פֿון אַ מאַגאַזין, אין וועלכען עס זיינען געווען אויסגעשטעלט זעהר פֿיינע הפצים.

— זאָג מיר, ברודער, האָט ער אַ פֿרעג געטהאָן איינעם, וואָס איז גע־שטאַנען ווי ער און געקוקט אויף די אויפשטעלונג, ווי קריגט מען אַ חפץ אָט פֿון די פּאַר זיך?

יענער האָט איהם עפּעס אָנגעקוקט ווי אַ האַלבען אַ משוגענעם.

— וואָס הייסט, „ווי קריגט מען״? מען קויפֿט. פֿאַר געלד קריגט מען אַלץ.

— איהר דאַרפֿט וויסען, פֿעטער, אַז איך בין אַזאַ און אַזאַ מענש, און ער האָט דערצעהלט, ווער און וואָס ער איז,—איך ווייס גאָר ניט וואָס איז געלד, ווען געלד.

יענער האָט איהם אין קורצען געגעבען צו פֿערשטעהען, וואָס געלד איז.

— אָבער וואו קריגט מען דאָס געלד?

— שטעלט זיך וואו אויף מלאכה, אַרבייט, וועט איהר פֿערדיענען געלד.

— ע... קלערט זיך דוד — אָט דאָס איז דער גאַנצער סוד... איז טאַקי גאָר אָהן בייז: אַרבייטען איז ביי מיר גאָר אַ פֿערגניגען, איך קען גאָר לייע־דיג ניט געהען און פֿאַר מלאכה גיט מען די געלד, פֿאַר וועלכע מען קריגט אַל־דאָס־גוטס...

דוד האָט זיך דערפֿרעגט, וואו מען קריגט דאָ אַרבייט, און האָט זיך גע־שטעלט ביי אַ געמיינעם פֿאַבריקאַנט אַרבייטען.

ער האָט זיך צוגעריסען צו דער אַרבייט מיט גרויס חשק, אַוועקגעלייגט זיינע גאַנצע כחות פֿון גאַנץ פֿריה ביז אַ שטיק אין דער נאַכט. אַ׳ן אומן־יד איז ער געוועזען אַ גרויסער: צו וואָס ער האָט זיך ניט גענומען, איז דאָס ביי איהם געוואָרען אָבגעגעבערענט אייגס און צוויי און דער שטיק אַרבייט פֿלעגט אַרויס אויסגעצייכענט.

דער בעל הבית אַליין האָט זיך איהם ניט געקענט אָבלויבען.

דוד איז געוועזען העכסט צופֿריעדען, ער האָט געמיינט, אַז אָט קריכט ער אַרויף אויף דעם גאָלדענעם באַרג; אָט קומט דער דאָנערשטאָג און מען שיט איהם אָב מיט געלד. אַז עס איז געקומען צו דער רעכנונג האָט איהם דער קאַסיר דערלאַנגט אַ צוויי־גילדענעם.

דוד האָט מיט התפעלות געכאַפּט די מטבע, אַוועקגעפֿלויגען תיכף אין אַ שיך־ווארג קראָם קויפֿען זיך קאַמאַשען (עס האָבען זיך פֿאַר אַ וואָך צוטראָ־גען זיינע וואַלד־פּאַסטעלעס).

— גיט מיר, זייט מוחל, אָט די פּאָר קאַמאַשען, האָט ער געזאָגט צום קרעמער, טייטלענדיג אויף אַ פּאָר פֿיינע קאַמאַשען, וואָס זיינען אויסגעשטעלט געוועזען אין פֿענסטער. ער האָט זיי אָנגעפּאַסט, דער קרעמער האָט זיי איהם פֿיין פֿערפּאַקט און דערלאַנגט.

דוד האָט איהם תמ׳עוואַטע אַריינגערוקט דעם צוויי־גילדענעם און גע־קלעהרט שוין אַרויסצוגעהען.

— ענטשולדיגט, ר׳ איד, איהר האָט אַ טעות געהאַט, האָט איהם דער קרעמער געזאָגט, וועלכער האָט געמיינט, אַז ער האָט בטעות אָנשטאָט אַ האַל־

בען אימפּעריאַל געגעבען אַ צוויי גילדענעם — דאָס איז סך הכל אַ צוואַנ-ציגער.

דוד האָט אָנגעשטעלט גרויסע אויגען...

— די פּאָר קאַמאַשען קאָסטען עטוואָס מעהר ווי אַ צוואַנציגער.

— וואָס הייסט! — האָט דוד מיט האַרץ געענטפערט — איך האָב פאַר דער מטבע געהאָרעוועט אַ קיילעכדיגע וואָך טאָג און טאָג צו 14, 15 שעה. האָט איהר דען אויף די קאַמאַשען נאָך מעהר געאַרבייט?!

דער קרעמער האָט עפּעס ניט גאָר פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט דערמיט, נאָר ער האָט שוין דערזעהען, אַז דאָס איז עפּעס ניט אַ גלאַטער מענש; ער האָט מיט איהם ניט געוואָלט פערפיהרען קיין לאַנגע דיבורים. אַרויסגענומען ביי איהם דעם פעקעלע פון האַנד, דערלאַנגט איהם צוריק דעם צוויי-גילדענעם מיט די ווערטער: דאָס, ר׳ איד, האָט איהר ביי מיר ניט צו מאָנען. מאָנט ביי אייער בעל הבית וואו איהר אַרבייט.

דוד איז אַרויס פון קראָם ווי אַ צומישטער. מיט אימפּעט איז ער אַוועק ווידער צום קאַסיר מיט קולות, מיט געשריי:

— סטייטש, קאַסיר, וואָס האָט איהר מיר עפּעס פאַר אַ גאַנצע וואָך אַרבייט געגעבען אַזוי ווייניג?!

ער האָט איהם אַ שליידער געטהאָן דעם צוויי-גילדענעם אין פענסטערעל אַריין.

— שאַ! קאָך זיך ניט אַזוי, אָט איז דיר אַ רעכנונג.

ער האָט איהם אַוועקגעלייגט דעם צוואַנציגער אויף אַ לאַנגער געדרוקטער רעכנונג און דערלאַנגט ווידער דורך׳ן פענסטערעל.

— אַזוי פיעל און אַזוי פיעל קומט פאַר 6 טעג אַרבייט, אָב פון דעם: שטראָף דערפאַר און דערפאַר אַזוי פיעל, אין דער פאַבריק-קראָם אָנגענומען אַזוי פיעל און אַזוי פיעל, און דער פאַבריק-קאַסע קומט אַזוי פיעל. סך הכל אַזוי פיעל. בלייבט צו דערצאָהלען: רובל (גאָרניט מיט גאָרניט), קאָפּיקעס צוואַנציג.

דוד האָט צוגענומען די רעכנונג מיט דעם צוויי גילדענעם (אַ ברירה האָט ער געהאַט!), אויסגעלאָזען „כל חמתו״ צו דעם בעל הבית׳ס קאָפּ און אַוועק פון איהם.

— שדים ווערלען ביי איהם אַרבייטען, ביי אַזאַ רוצח היער!

ער איז אַוועק צו אַ׳ן אַנדערען, ווידער געאַרבייט ווי פיעל ער האָט גע-קענט, ווידער דעם בעל-הבית צופריעדען געשטעלט אויף׳ן העכסטען גראַד און ווידער צום חשבון בעקומען גאָר ניט מיט גאָר ניט.

— שדים ווייסען וואָס דאָס איז, קלערט זיך דוד. איך האָב דאכט זיך געהאָרעוועט מיט גאָר דעם כח, אי צופריעדען איז מען מיט מיר געוועזען. פאַר וואָס פאָרט, ווי עס קומט צום חשבון—בלייבט איך ביי גאָר ניט?

דוד איז פון דעם בעל-הבית אויך אַוועק און געשטעלט זיך טהאָן ביי אַ

דריטען, פֿון דריטען אַוועק צו אַ פֿיערטען. רק די זעלבע זאַך: אַ חשבון אַהער אַ חשבון אַהין—און ער געהט אַוועק מיט ליידיגע הענד. דוד האָט זיך גענו- מען בעקלערען, וואָס איז דאָס פֿאָרט מיט איהם די מעשה, פֿאַר וואָס איז ער דאָס אַזאַ אונגליקליכער? ער האָט זיך גענומען צוקוקען צום עולם, צו זיינע מיטאַרבייטער, ווי לעבען זיי. ערשט דאַן האָט ער דערזעהען, אַז ער איז ניט קיין בן יחיד: אַלע אַרבייטער דורכס-באַנק האָרעווען ווי די פֿערד 14, 15 שעה אין מעת-לעת און אַנדערע נאָך מעהר און האָבען קוים-קוים טרוקענעם ברויט מיט גרויסע צרות.

— אַך! פֿערפֿלוכט האָט זי געמעגט ווערען, אַזאַ שטאָט, איידער איך בין געקומען! האָט דוד מיט האַרץ געזאָגט. מאַלע וואָס זי זעהט אויס אַזוי שעהן, אַזוי פֿערפוצט, וואָס אין די גאַסען איז אוצרות מיט גאָלד, מיט טראַמווייען, מיט בעלייכטונג א. ז. וו. וועמען איז דערפֿון גוט? ווער האָט דערפֿון הנאה! נאָר איינציגע מענשען: די גבירים.

— אַלע אַרבייטער, וועלכע איך קען און ווייס, צעהנדליגער טויזענד מענשען וואַלגערען זיך אין די קעלערס, אויף די בוידימס אין קעלט און פֿינס- טערניש. זיי געהען נעבעך אַרום צוריסען, צושליסען, באָרוויסע, און דאָ זיינען אַזוי פֿיעל מאַגאַזינען מיט קליידער, מיט שיך-וואַרג. און ווי אויף להכעיס איז דאָס אויסגעשטעלט אין די גרויסע פֿענסטער, אין אַלע גאַסען און נאָך גוט בעלייכט דערצו: נאַ, לאַפּע!...

ער האָט אַ געשריי געטהאָן און אַנטלאָפֿען פֿון דער שטאָט. „שוין זיינען דאָס אומעטום אַזעלכע ווילדע פּאַראַנדקעס, עס קען דאָך ניט זיין", האָט ער געקלערט און איז אַוועק אין אַ'ן אַנדער שטאָט, אין אַ דריטער, אין אַ פֿיער- טער א. ז. וו. רק די זעלבע זאַך, רק די אַרבייטער האָרעווען ניט מיט מענש- ליכען כח און ווערען אויסגעריסען.

— הע! קלערט זיך דוד, אפֿנים אַז אַ'ן אַרבייטער מוז זיין אַ קבצן; ניט אמת, וואָס יענער האָט מיר געזאָגט, אַז אויב מען וויל האָבען געלד זאָל מען אַרבייטען; אָט האָב איך געאַרבייט, געאַרבייט, איבערגעפּרואווט אַלערליי אַר- בייט און... גאָר ניט. נאָר דאָך איז עפּעס ניט צו פֿערשטעהען, וואָס איז דאָ פֿאַר אַ נסים? פֿון וואַנען זשע פֿאָרט, אַז ניט פֿון אַרבייט, פֿערדיענט מען געלד: פֿון הימעל פֿאַלט דאָך ניט אַראָב? פֿון וואַנען קלייבט מען דאָס אָן אַזעלכע אוצרות ווי די בעלי-הבתים, די פֿאַבריקאַנטען? קען דאָס זיין, אַז זיי האָבען געאַרבייט נאָך מעהר ווי איך, אָדער אַ קשיה אויף אַ מעשה — אפשר איז טאַקי דאָ אַ מין שׂכל רייך צו ווערען ניט פֿון אַרבייט. מהיכא תיתי, מען דאַרף אַ פֿרעג טהאָן.

ער איז אַריינגעגאַנגען באַלד צו אַ גביר, און פשוט אַ פֿרעג געטהאָן:

— זאָגט מיר, ר' קרוב, פֿון וואַנען זייט איהר דאָס אַזוי רייך געוואָרען?

— וואָס איז דאָס אייך נוגע, ר' איד, איהר דאַרפֿט מיט מיר אַ שידוך טהאָן?

— איך מיין דערמיט חס ושלום גאָר ניט: איך בין, דאַרפֿט איהר וויסען, אָט אַזאַ און אַזאַ איד, און בין פּשוט אויסען דערגעהען דעם אמת.

— אויב אַזוי, זייט איהר גערעכט. זעצט אייך, זייט מוחל, און הערט:

אַ מאָל בין איך געוועזען אַ פּראָסטער שוסטער — איך שעם מיך דערמיט ניט ווי אַנדערע אויסגעוואַקסענע נגידים (דוד האָט איהם לגמרי ניט פֿערשטאַנען: וואָס שעמען זיך? מיט וואָס שעמען זיך? און פֿאַר וואָס? נאָר ער האָט איהם ניט איבערגעשלאָגען די רייד מיט אַזעלכע שאלות). קיין נגיד בין איך געוועהנליך דעמאָלט ניט געוועזען, נאָר מיט ברויט און קאַשע בין איך זאַט געוועזען. אַ בעל-מלאכה בין איך געוועזען ניט אַ שלעכטער און ווי צו בעגעהען זיך מיט בעלי-הבתים, מיט קונדען האָב איך געוואוסט. אָט האָב איך אין גיכען געקראָגען אַ שם; מלאכה האָט אָנגעהויבען צוצוקומען, וואָס ווייטער אַלץ מעהר. איך האָב מיך אַליין ניט געקענט איינקעהרען, און האָב צוגענומען אַ פּועל מיט אַ פּאָר לעהרען-אינגלעך; וואָס ווייטער איז אַלץ מיין ווערקשטאַט געוואָרען גרעסער און גרעסער און אין אַ משך פֿון 10 יאָהר האָבען שוין ביי מיר געטהאָן 50 פּועלים און איבער הונדערט לעהרען-אינגלעך מיט שטעפּמאַשינען, מיט האַק און פּאַק, אָט דאָ האָב איך זיך געשטעלט אויף די פֿיס, איך האָב געעפֿענט אַ קלייט פֿון פֿאַרטיגע שוך-וואַרג, איך האָב גענומען קלייבען געלד וואָס געלד הייסט.

— גיט מיר טאַקי צו פֿערשטעהען, זייט מוחל, וואָס איז אייך צוגעקומען אין קעשענע, אַז די פּועלים האָבען געאַרבייט, זיי האָט איהר דאָך בעצאָהלט פֿאַר זייער אַרבייט?

— וואָס רעדט איהר? דאָס איז גאָר אַ פּשוט׳ע זאַך: יעדער פּועל פֿלעגט בעקומען ק״ן, 200 רובל אַ יאָהר, דער בעסטער, ווייס איך, פֿלעגט נעהמען דריטהאַלבען הונדערט רובל און אויסאַרבייטען פֿלעגען זיי דורכשניט אַרום 500 רובל. אָט איז דיר אַ קיימא-לן פֿון איבער 10 טויזענד רובל אַ יאָהר, אַראָב אַלע הוצאות. און וואו איז אַרבייט פֿון איבער הונדערט אינגלעך, וואָס טהוען גאָר אומזיסט? אָט אַזוי כאַפּט מען דיר אַריין אין אַ משך פֿון 3-4 יאָהר אַ נ-, אלף קערבלעך און צו געלד. ברודער. געהט געלד. אָט אַזוי בין איך אויסגעוואַקסען צו מיין איצטיגער לאַגע, געלויבט איז גאָט.

— אָט וואו דער סוד איז, האָט דוד געטראַכט, אַרויסגעהענדיג פֿון דעם גביר. אָט פֿון וואָס מען ווערט דאָס רייך: הונדערטער מענשען אַרבייטען און זייער אויסגעאַרבייטע גוטס בלייבט ביי איינעם פֿאַר גאָר ניט. איצט איז שוין רעכט, וואָס אַלע פֿאַבריקאַנטען זיינען רייך און זייערע אַרבייטער זיינען אביונים, נאָר דאָס איז דאָך אמת׳ע גזילה, פּשוט׳ע רציחה און מעהר גאָר ניט.

ער האָט נאָך איין זאַך ניט גוט פֿערשטאַנען:

פֿון וואַנען געהמט זיך דאָס דער עצם געלד, „די „מטבעות״? אפשר זיינען די גבירים דעם עצם געלד מעהר קרוב ווי די אַרבייטער. ער האָט זיך גענומען נאָכפֿרעגען, וועמעס איז דער עצם געלד, די מטבעות גופא.

— געלד איז דעם קייסערס, האָט מען איהם געענטפֿערט.

דער ענטפֿער איז איהם עפּעס געווען ניט גאָר צום האַרצען. ערשטענס, אַז די געלד איז דעם קייסערס, טאָ פֿאַר וואָס קומט עס עפּעס די גבירים דוקא? וואָס זיינען זיי עפּעס מעהר מהותן מיט'ן קייסער ווי די אַרבייטער? און ווידער האָט ער עפּעס גלאַט ניט פֿערשטאַנען, וואָס הייסט דאָס „דעם קייסערס געלד". דער קייסער מאַכט עס אַליין, וואָס? ווי ער האָט זיך, אין פֿלוג, אָנגעהערט וועגען דעם קייסער, איז עפּעס, דאַכט זיך, ניט גלויביג, אַז ער זאָל זיך אַליין נעהמען מישען אין אַזעלכע זאַכען, מאַכען געלד. נאָר דוד האָט פֿיינד געהאַט צו גלויבען אויף נאמנות; ער האָט זיך דערפֿרעגט, וואו מען מאַכט געלד פֿון אָנהויב ביז'ן סוף און האָט זיך אַוועקגעלאָזען קודם כל צו די גאָלד-גרובען.

צווישען צוויי הויכע בערג אין אַ טהאָל, זעהט ער געהט אַ קליין טייכעל, וואָס צוגיסט זיך ווייט איבער די ברעגען. אַרום און אַרום איז אַ זומפּ, אַ בלאָטע, איבער וועלכער עס שטעהט שטענדיג אַ געדיכטער נעבעל (טומאַן), אַז קוים וואָס מען זעהט די וועלט. דוד האָט זיך אַראָבגעלאָזען פֿון באַרג אין טהאָל אַריין. אין טהאָל אין זומפּ האָט ער דערזעהען גראָבען זיך הונדערטער מענשען, באָרוועסע, כמעט נאַקעטע, ווער מיט פֿערקאַשערטע הויזען און ווער, במהילה, גאָר אָהן הויזען. זיי שטעהען ביז האַלב אין בלאָטע און גראָבען די ערד מיט גראָבע אייזענס. בלייכע, אויסגעדאַרטע, פֿער'חשך'טע, איינגעהויקערטע שלעפּען זיי צום מאַשין טאַטשקעס ערד אין דער הויך, קוים וואָס זיי גלייכען נעבעך אויס דעם רוקען. נאָכדעם שווענקט די מאַשין אויס די ערד, פֿון וועלכע עס בלייבען איבער עטליכע גאָלדענע קערנער. די פּיס זיינען נעבעך ביי די אַרבייטער געשוואָלען. קוים וואָס זיי אָטהעמען נעבעך פֿון נאַסקייט, פֿון נעבעל; זיי פֿאַלען בפועל ממש פֿון די פּיס.

דוד האָט זיך דערוואַרט ביז דער נאַכט; עס האָט זיך שוין איהם געוואָלט וויסען, ווי לעבען די אַרבייטער אין דער היים. נאָך אַזאַ קאַטאָרזשנער אַרבייט — האָט ער געטראַכט — האָבען זיי מסתמא אַ גוטען אָברוה, גוטע קעסט. ערשט וואו! וואָס! פּונקט אַ הפך! זיי לעבען נאָך ערגער ווי די שטאָט-אַרבייטער: קליינע, רויכיגע ערד-גריבער — דאָס זיינען זייערע דירות! פֿון דאַך און פֿון די פֿענסטער רינט ·בלאָטע איבער אַלע ווענד; עס קאַפּעט אָפּט אין טעלער אַריין; ניטאָ דער מין פֿון אַ בעט, פֿון שטוהלען: עטליכע ברעטער פֿון וואַנד ביז וואַנד דינען אי פֿאַר אַ בעט אי פֿאַר שטוהלען, און ווי אָרעם איז זייער עסען!

— זעלטען, ווער עס לעבט אָב אַ פּאָר יאָהר ניט קריינקענדיג — האָבען איהם די אַרבייטער דערצעהלט פֿון זייער לעבען. זעהר אַ גרויסער טייל מענשען שטאַרבען פשוט אויס יעדער יאָהר. היינט וואָס טהוט זיך מיט שכירות! אויביג צאָהלט מען זיך נאָך דעם בעל-הבית ניט אויס, רק מען בלייבט נאָך איהם שולדיג.

דוד האָט זייער צער ניט געקענט אַריבערטראָגען און איז פֿון זיי אַוועק־געגאַנגען מיט אַ צובראָכענער האַרץ. ער האָט זיך דערפֿרעגט, וואוהין מען שיקט אַוועק די גאָלד, וואו מען מאַכט פֿון זיי מטבעית—און איז אַוועק אַהין.

ער איז געקומען און האָט זיך קוים מיט צרות דערשלאָגען אַ קוק צו טהאָן, ווי און ווער מאַכט עס פֿון גאָלד־קערנער געלד. ערשט וואו קייסער, ווען קייסער? דער מין אפילו ניטאָ. ווייטער די זעלבע זאַך מיט מעהר פֿרישקייט: ווידער אַרבייטער האָרעווען מיט שוויס...

— עהע! קלערט זיך דוד: אָט פֿון וואַנען געלד נעהמט זיך! פשוט אָרעמע אַרבייטער לייגען אַוועק דעם לעבען אויף יעדער מטבע, ביז זי ווערט פֿאַרטיג, און נאָכדעם, פֿאַרטיגערהייט, שיקט מען זיי אַריין אין קאַזנאַ צום קייסער. פונקט ווי אויף די פֿאַבריקען די אַרבייטער האָרעווען, האָרעווען ביז זיי מאַכען פֿאַרטיג די סחורות און דערנאָך פֿיהרט מען זיי אַוועק צום פֿאַבריקאַנט אין לאַגער — עס ווערט זיינע. אם כן, איז דאָך די געלד דעם קייסערס מיט דעם זעלבען יושר ווי די סחורה — דעם פֿאַבריקאַנטס. אַ פֿיינער יושר! און די וועלט שווייגט דאָס!!

דוד איז אַוועק אַ צוקאָכטער צוריק אין שטאָט, וואו ער האָט די לעצטע צייט געאַרבייט. דאָרט האָט ער שוין געהאַט אַ פֿולע בעקאַנטע און און איהם האָט זיך געוואָלט אַ ביסעל אויסריידען די האַרץ מיט זיי.

— הערט, ברידער, האָט ער געזאָגט צו זיינע חברים אויף דער פֿאַבריק. איך וויל ביי אייך פֿרעגען אַ שטיקעל שאלה, איהר הערט נאָר מיט קאָפּ: אויף וואָסערע כפרות דאַרפֿען מיר דעם בעל־הבית? וואָצו דאַרפֿען מיר האָרעווען אויף׳ן שד? פֿאַר וואָס זאָלען מיר בעסער די סחורה, וואָס מיר מאַכען אויס, אַליין ניט פֿערקויפֿען, זאָל בעסער ביי אונז בלייבען אונזער כשר׳ע האָרעוואַניע, ניט זאָלען טוויזענדער האָרעווען — פֿרעג פֿאַר וואָסערע מעשים — אויף דעם פֿאַבריקאַנט.

— זעהסט דו, דוד׳קע, האָט זיך אָבגערופֿען אַ׳ן אַרבייטער, דיין קשיה איז אפילו אַ קלוגע קשיה; אָבער דו זאָגסט אַליין, וואו זאָל אונזער איינער, אַ קבצן, נעהמען אַזוי פֿיעל געלד אויף מאַשינען, אויף אַזעלכע טייערע געצייג, אויף מאַטעריאַל?

— איך מיין, אַז עס איז ניט אַזאַ מי יודע וואָס. וואָס איז גאָר געלד? איהר פֿרעגט ביי מיר, אָט גהעה איך ערשט פֿון דעם אָרט, וואו מען שמידט די געלד, זאָג איך אייך, אַז דאָס איז הבל הבלים. עס וואַלגערט זיך אין דער ערד, אין זומפּ און אָהן דעם מענשענס אַרבייט איז די געלד, ד. ה. די גאָלד, אַ׳ן אויסגעבלאָזענע איי ניט ווערטה. אמת, געלד איז אַ טייערע סחורה, אָבער ווען? אַז אַרבייטער האָבען שוין אויף איהר דעם לעבען אַוועקגעלייגט. וואָס ווייסט איהר, וואָס מען צוהאָרעוועט, ביז מען גיסט אויס דעם גאָלד אין מטבעות? פֿון יעדער מטבע שפּריצט ממש מענשען־בלוט! איך האָב מיך אַ ביסעל אָנגעזעהען, וואָס פֿאַר אַ קאַטאָרזשנע אַרבייט דאָס איז.

— בכן, איז וואָס ווילסט דו? וואָס געהערט דאָס צו די מאַשינען, צו די געצייג?

— האָב צייט, ניט שלאָג מיך איבער. מיט די מאַשינען און געצייג איז אויך די זעלבע זאַך ווי מיט דעם געלד. וואָס איז אַ מאַשין? אַ מאַשין פֿאַלט פֿון הימעל אַראָב, וואָס? אַ מאַשין איז אויך אַ מאָל געוועז ערד, אַ קאָפּיקע ניט ווערט געוועזן, נאָכדעם, אַז אַרבייטער האָבען דאָס אויסגעגראָבען, אויסגעברענט, אַוועקגעגעבען נאָך אַרבייטער אין די הענד: שמיעדען, שלעסער, טאָקער, יעדערער האָט צוגעלייגט זיין מיה, יעדער האָט אויסגעמאַכט אַ בעזונדער אבר, נאָכדעם ווי טאַקי אַרבייטער האָבען די אברים צונויפֿגעשטעלט אין איינעם איז עס דעמאָלט געוואָרען אַ מאַשין. מילא, איז דאָך די מאַשין אויך די אַרבייטערס. וואָס פֿאַר אַ מחותן איז דער פֿאַבריקאַנט מיט איהר?

— ער האָט אויפֿגעטהאָן אַ סברא, אויף מיינע נאמנות! האָט אַ יונגער אַרבייטער אַריינגעזאָגט, אָט, נעהמט למשל די פֿאַבריק גופא, וואָס איז זי געוועזן אָהן אַרבייטער! לייס און וואַפּנע!

— נו, גוט, אַליין גוט, האָט ווידער אָנגעהויבען דער ערשטער אַרבייטער, ווענדענדיג זיך צו דוד'ן — לאָמיר קלערען, אַז דו ביסט טאַקי גערעכט, איז וואָס איז די פּעולה? וועסט דו בלייבען בייִ'ם „גערעכט"!

— וואָס איז עפּעס בלייבען ביים „גערעכט", ניט מעהר? האָט דוד מיט היץ געענטפֿערט. ניין, איך מיין טאַקי, אַז מען זאָל בפועל ממש נעהמען די אויסגעאַרבייטע סחורה און צוטיילען צווישען זיך, צווישען די אַרבייטער.

— און דעם פֿאַבריקאַנט וואָס?

— דעם פֿאַבריקאַנט אויסשטעלען אַ פֿייג. אַז ער וועט אַרבייטען מיט אַלעמען גלייך, דעמאָלט געבען איהם אויך אַ חלק מיט אַלעמען גלייך.

— דאָס, ברודער, האָסט דו ישוין אַריבערגעכאַפּט די מאָס. וואָס איז דאָס עפּעס פֿאַר אַ גאַנג? גאָר גלאַט אין דער וועלט אַריין, קומען אויף אַ פֿרעמדע פֿאַבריק, מעשה בעל-הבית. גלאַט ברוך-הבא, גזלן!

— וואָס הייסט „גזלן"! האָט זיך דוד צוקאָכט — אָט דאָס רופֿט איהר גזלנות: נעהמען זיך די אייגענע פּראַצע, די סחורה, אויף וועלכע מען האָרעוועט מיט שווייס און מיט בלוט! אַ גזלן איז דער פֿאַבריקאַנט: ער בע'גזל'ט טויזענדער אונגליקליכע אָרעמע אַרבייטער. אָבער מיר וואָס? נאַרען זיינען מיר, בהמות —אָבער ניט גזלנים.

— ניין אָבער, ברודער דוד, דאָס איז פֿאָרט קיין פּלאַן ניט; דאָס איז ניט ביי אייך אין וואַלד. ביי אונז זאָגט מען ניט פֿאַר אַזעלכע מעשות: „שעהנער בחור".

— אָט הויב זיך אָן מיט שלימזל'ניקעס — רק געשראָקען זיך, רק געצי-טערט פֿאַר יעדער האָר. וואָס וועט מען אייך טהאָן? און פֿאַר וואָס זאָל מען טהאָן, אַז מיר זיינען דורכאויס גערעכט?

— מילא, וואָס גערעכט, ברודער, ווער קוקט אויף גערעכט?

— וואָס דען, אַזוי איז גוט? אויסציהען זיך האָרעוענדיג מיט ווייב און קינדער און שטאַרבען פאַר הונגער, כדי וואָס? כדי דער פאַבריקאַנט זאָל פּאָה-רען אין קאַרעטען און באָדען זיך אין כל טוב?!

— גוט, ברודער, איז דאָס ניט: נאָר וואָס קען מען העלפען?

— פערשטעהט זיך, אַז איהר וועט וואַרטען אויף נסים, אָדער, ווייס איך, ביז דער פאַבריקאַנט זאָל צו אייך קומען אַליין אָנשלאָגען זיך מיט דעם פראָ-יעקט: „נעהמט, ברידער, זיך די סחורה" — וועט איהר זיך גאָר ניט אויסוואַר-טען. אָבער אַז איהר וועט מיך פאָלגען, וועט טאַקי זיין גוט.

— אָבער דאָס איז דאָך קיין עצה ניט: דערפון וועט געוויס אַרויס אַ מיאוס'ער סוף.

— אָט וואָס, ברידער — האָט זיך אַרויסגערופען איינער פון די אינגערע אַרבייטער,—מיין עצה איז, מען זאָל געהען מדרגות-ווייז. קודם כל לאָמיר זיך אַלע צונויפרריידען בעטען הוספה, און טאַקי ניט אָבגעלייגט אין לאַנגען באַנק, מאָרגען זאָל דאָס זיין: אויסקלייבען פון אונז צוויי, דריי מענשען, זיי זאָלען געהען צום בעל-הבית און זאָגען איהם אַ פסיק מיט אַ שטעקען: אָדער ער זאָל מוסיף זיין 20, 25 קאָפּיקעס אַ טאָג — ווי ביי אונז וועט בלייבען — אָדער מיר לאָזען די אַרבייט. אָבער פעסט, ברידער, אַלע ווי איין מענש. וואָס זאָגט איהר דערויף?

— גוט! גוט! אויסגעצייכענט! האָבען געשריען דאָס רוב.

— אָבער געדיינקט, ברידער: „גערעדט איז ניט געבילען". וועט ער ניט געבען קיין הוספה, איז אויס אַרבייט. אַ פיס זאָל קיינעמס אין דער פאַ-בריק ניט זיין!

— געוויס, געוויס! ווי דען?! האָבען געשריען די אינגערע.

— זייט איהר אַלע מסכים?

— אַלע! אַלע! האָבען די יונגע לייט געשריען.

— פון קהל קען מען דאָך ניט אָבשטעהען! האָבען די עלטערע אונטער-געהאַלטען.

— זאָל נאָר ווער פרואווען ניט האַלטען וואָרט — האָבען זיך עטליכע היציגערע געקאָכט — וועלען מיר זיך מיט איהם אָברעכענען אויף דער וועלט. ער וועט שוין, דאַכט זיך, פערזאָגען אַ צעהנטען.

הוררא!



דער בעל-הבית האָט געוועהנליך ניט מסכים געווען תיכף צו געבען אַ הוספה און אויף מאָרגען, ווי גערעדט, איז קיינער צו דער אַרבייט ניט געקומען. עטליכע טעג איז די פאַבריק געשטאַנען. די אַרבייטער האָבען זיך נעבעך גע-נוג אָנגעליטען פאַר דער צייט, פאַר'משכנ'ט זיך ביז אַ זוים, נאָר גאָר ניט

אַראָבגעפּאַלען ביי זיך, געהאַלטען זיך שטאַרק און קלוג, אָהן רעש און אָהן טומעל. דער פֿאַבריקאַנט איז אומגעפלויגען ווי אַ פּער׳סם׳טער אויף דראָשקעס צום פּאָליצמייסטער, צום זשאַנדאַרמסקען, צום אינספּעקטאָר. פּאָליציייסקע, זשאַנדאַרמען און פּיסקאַלען האָבען זיך אומגעדרעהט ווי די שדים אַרום פֿאַבריק, אין די גאַסען, וואו די אַרבייטער וואָהנען, אין די שענקען, הערען, שמעקען, שנאָרען...

לסוף איז דער גאַנצער שעהנער עולם געקומען אויף די פֿאַבריק: אי דער אינספּעקטאָר, אי דער פּאָליצמייסטער מיט דער גאַנצער סוויטע. מען האָט צונויפגעקליבען די אַרבייטער איבערריידען מיט זיי.

— וואָס ווילט איהר, ברידער? האָט דער פּאָליצמייסטער ווייך געפרעגט.

— יושר! האָט זיך דוד אַרויסגערופען, פֿאַר וואָס קומט דאָס איינעם גאָר, דעם אַנדערען גאָר ניט? פֿאַר וואָס עפּעס דער פֿאַבריקאַנט...

— דאָס איז ניט דיין זאַך! האָט איהם דער פּאָליצמייסטער איבערגעשלאָגען שוין מיט כעס.

— ווי הייסט, ניט מיין זאַך!? אַז דו וואָלסט זיין אַ בעל-מלאכה...

— שוין זאָל ער ווערען אַרעסטירט! האָט דער פּאָליצמייסטער אַ געשריי געטהאָן, ווי אַ ווילדע חיה, טייטלענדיג אויף דוד׳ן מיט׳ן פינגער.

עס האָבען זיך אַ וואָרף געטהאָן גאָראָדאָוויע פֿון אַלע זייטען און מען האָט איהם תיכף צוגענומען.

ער האָט נאָך ניט געוואוסט דעם דין פֿון אַ יון׳ס „סטופּאַי" און האָט זיך געפּרואווט מיט זיי ראַנגלען, נאָר דאָס האָט געוועהנליך ניט געהאָלפֿען.



ניט אין אַ לאַנגע צייט אַרום איז געווען זיין משפט און מען האָט איהם אַוועקגעשיקט אין דעם לאַנגען וועג, אין סיביר.

V

# אין דרום זייט.

דער פֿיערטער ברודער, יעקב, איז אַוועקגעגאַנגען אין דרום זייט; ער איז אויס געווען אין פֿיעל דערפֿער, אין פֿיעל שטעט, אין קליינע און אין גרויסע, און ערגעץ, געוועהנליך, קיין גוטס ניט געפֿונען.

אומעטום, האָט ער בעמערקט, איז פֿיעל גולה און רציחה, פֿאַלשקייט און בעטרוג: אומעטום געוועלטיגט דער פֿויסט, דער שטאַרקערער — דער נאַטשאַלניק, דער פּריץ, דער גביר, דער סוחר; דער שוואַכער, דער אָרעמאַן — דער בייער, דער אַרבייטער, די ליידען צרות אויף׳ן פּוד. אומעטום—אין וועלט...

אין וואָס פֿאַר אַ וועלט? אַ וועלט מיט צרות, אַ פֿאַרקעהרטע וועלט: דער, וואָס אַרבייט, דער, וואָס האָרעוועט מיט'ן ביטערען שווייס, יענער האָט צרות אָהן אַ ברעג: דער ליידאַק, דער ליידיג-געהער, וואָס לעבט פֿון פֿרעמדע פּראַצע, דעם איז גוט פֿון אַלע זייטען: אויסער וואָס ער באָדט זיך אין אַל-דאָס-גוטס אומזיסט אין אומגישט, האָט ער נאָך כבוד פֿון יעדערען. דערפֿאַר, וואָס ער דרשנ'ט אַזוי, שטעהט פֿאַר איהם יעדער אָהן אַ היטעל; נאַטשאַלסטוואָ אַליין האָט פֿאַר איהם דרך ארץ.

היינט, ווער רעדט שוין וועגען די נאַטשאַלסטוואָ גופא, וואָס פֿאַר אַ מין עולות דאָרטען טהוט זיך, דאָס איז גאָר אַ גרויל! אויסער וואָס זיי שינדען די הויט דעם גאַנצען עולם, איז אַ'ן אָרעמאַן, אַ'ן אַרבייטער, וואָלטען זיי גאָר וויעלען דערהוערגען לעבעדיגערהייט.

י ע ק ב האָט זיך דאָס אַלץ אָנגעזעהען, עס האָט איהם אַזוי דערעסען, אַז ער האָט ניט געקענט קוקען אויף דעם גאַנצען שעהנעם עולם; עס פֿלעגט זיך איהם פֿערטרייסלען הענד און פֿיס, אַז ער פֿלעגט בעגעגענען אַ דיקען אידען, אַ'ן אויסגעפּוצטען פּריץ, אָדער אַ שינעל מיט מעשענע קנעפּלעך. ער איז גרייט געווען צו אַנטלויפֿען וואו פֿעפֿער וואַקסט, נאָר זייער פּרצוף ניט צו זעהען.

— גוואַלד! געהט אַמאָל י ע ק ב אין גאַס און טראַכט זיך, וואו געפֿינט מען ערגעץ אַ ווינקעלע, אַ'ן ערטעלע, וואו מענשען לעבען ניט ווי די ווילדע חיות, איינער געפֿרעסען דעם אַנדערען; וואו מענשען לעבען ווי ברידער, אין שלום, אין אחדות, ווי מענשען דאַרפֿען לעבען!?

פֿערטיעפֿט אין אַזעלכע מחשבות איז ער אָנגעגאַנגען אויף אַ בית-המדרש.

פֿאַר איהם, זעהט ער, שטעהט אַ הויכער בנין מיט צוויי שפּיצען מיט אַ „מגן-דוד". פֿון אינעווייניג, הערט ער, געהט אַ געזאַנג אַ זיסער, אַ געשמאַקער, אַז די האַרץ פֿערגעהט...

ער האָט זיך אָבגעשטעלט.

— זאָג מיר, בחור'ל, האָט י ע ק ב אַ פֿרעג געטהאָן אַ אינגעל. וואָס איז אַרויסגעלאָפֿען פֿון טיר, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ בנין?

— דאָס איז אַ שוהל.

— וואָס? האָט י ע ק ב געפֿרעגט פֿערוואונדערט.

— אַ שוהל, דאָ דאַווענט מען, מען לויבט גאָט.

— אָט, קלערט זיך י ע ק ב, אָט דאָ האָב איך געפֿונען וואָס איך זוך, אָט דאָ מוזען לעבען מענשען (כאָטש אין דער קליינער צייט, בעת זיי קומען זיך דאָ צוזאַמען) ווי עס דאַרף צו זיין: אָט דאָ, אין אַ „מקום קדוש", מוז מסתמא זיין דער אָרט פֿאַר יושר, שלום, אחדות, גלייכהייט: אויס פניות אויס גלות: אָט וואו איך וועל געפֿינען כאָטש אַ שטיקעלע מקום מנוחה פֿון גייסטיגע שמערצען.

מיט אַ קלעמענדיגער האַרץ האָט ער אויפֿגעעפֿענט די טיר און איז אויף די שפּיץ פֿינגער אַריינגעגאַנגען אין שוהל אַריין.

די ערשטע ווילע האָט ער באמת געמיינט, אַז ער איז אַריינגעפאַלען אין גן עדן: אַ גרויסער, הויכער זאַל מיט בעגולדע קאָלאָנעס, מיט בראָנזענע הייגג-לייכטער, מיט אַ גרויסאַרטיגען הייגג-לייכטער אין רעכטען מיטען, פול מיט ברענענדע ליכט אין מיטען העלען טאָג. אונטער דעם הייגג-לייכטער איז זעהר אַ שעהנע במה, אויף וועלכער עס שטעהען אַ חזן מיט העלפער און זינגען אַזוי גוט, אַז מען פערגעסט אַלץ מיט אַנאַנדער. דער עולם איז אָנגעטהאָן אַלע גלייך, אַלע אין ווייסען (אין טליתים), אלע שטעהען און דאַווענען...

עס האָט איהם דער אָטהעם פערכאַפּט פון נחת. נאָר... אַז ער האָט זיך בערוהיגט און גענומען צוקוקען זיך בעסער, האָט ער בעמערקט, אַז דאָ איז אויך ניט פור קודש...

אויבען אָן, אין „מזרח", האָט ער דערזעהען זיינע אַלטע בעקאַנטע: באַנקירען, פאַבריקאַנטען, גרויסע סוחרים; אַלע אין שוואַרצע רעק, אין הויכע צילינדערס מיט עטרות אויף די טליתים, יעדער האָט זיך זיין אָרט, זיין שעהנעם סדור׳ל. נעבען טיר שטעהען, ווער וואו, אַרבייטער, אָרעמע לייט אין צולאַטעטע טליתים מיט צוריסענע סדורים...

די שמשים, האָט ער בעמערקט, דרעהען זיך אַרום רק אַרום דעם אייבען-אָן: דעם דערלאַנגען זיי אַ סדור, דעם הויבען זיי אויף דעם נאָז-טיכעל, ביי דעם נעהמען זיי צו דעם מאַנטעל: צו דער טיר געהען זיי כמעט גאָר ניט צו און אַז זיי קומען שוין, איז מיט גרויסקייט געהען זיי דורך און שיקען: ש. ש. ש.! מען זאָל אַ הויכען קול ניט אויפהויבען...

— דאַווענען טאָר איך אַ׳ן אָרעמאַן ניט — קלערט זיך י ע ק ב — אָט איז אַ ביסעל אַ וועלט!

ער האָט שוין געוואָלט אַרויסגעהען, נאָר אויף׳ן בימה איז אַרויף אַ דיקער איד אין אַ קיילעכדיגער הוט און האָט זיך מיט גדלות אַוועקגעשטעלט מיט׳ן פנים צו מזרח זייט.

— ווער איז דאָס? האָט י ע ק ב אַ פרעג געטהאָן.

— דאָס איז אונזער רב — ער וועט זאָגען אַ דרוש, מוסר.

— אָ, קלערט ווידער י ע ק ב — מען דאַרף אָבוואַרטען. אַ רב איז דאָך מסתמא געוויס אָהן פניות, ער וועט מסתמא אויפווייזען די מזרח-לייט זייערע עולות! ער וועט זיי געוועהנליך אויס׳מוסר׳ן.

ער האָט אָנגעשטעלט די אויערען.

דער אויבער-שמש האָט דערלאַנגט אַ פּאַטש איבער׳ן טיש און אין שוהל איז געוואָרען שטיל ווי אויף אַ בית-עולם.

— רבותי! האָט דער רב אָנגעהויבען — איך וויל מיר היינט אַ ביסעל שמועסען מענינא דיומא, איך מיין וועגען דעם אידישען שטרייק, וואָס איז היינטיגע וואָך געווען אויף אַ אידישער פאַבריק. (אַ׳ן אַרבייטער, וואָס איז געשטאַנען נעבען י ע ק ב׳ן, האָט איהם צוגעזאָגט שפּעטער צו דערצעהלען וועגען דעם שטרייק: ער איז געווען איינער פון די ערשטע שטרייקער).

— פֿאַר אידען, רבותי, פּאַסטען אַזעלכע גאַנגען ניט מכּוח טעמים. ערשטענס, איז דאָס אַ חלול השם פֿאַר די אומות העולם און דערפֿון קומט אַרויס אַ רעה פֿאַר כּלל ישׂראל (שייך אַ רעה! — האָט דער אַרבייטער מיט איראָניע שטיל געמורמעלט — עס קען דעם פֿאַבריקאַנט קאָסטען עטליכע הונדערטער וויאַטקעס, מען זאָל אַריינזעצען אונשולדיגע אַרבייטער, דאָס איז ניט קיין קליינגקייט!) יעדער איד דאַרף וויסען, אַז ער איז אין גלות און וואָס אַ'ן ערל: אַ איוואַן, אַ סטעפּאַן טהוט און עס געהט איהם אָראָב גלאַט—ווערט אַ איד דערפֿון אויסגעריסען, און ווידער גלאַט מיט געוואַלד נעהמט מען ניט. (ער איז אַ בעלן אויף דעם אַנדערען—האָט ווידער דער אַרבייטער געזאָגט—ער רעכנט זיך אַ טאָג אויף קהל'שע אַקסלען און די אַרבייטער זאָלען ליידען און וואַרטען, ביז משיח וועט קומען און עס וועלען וואַקסען פֿאַרטיגע בולקעס. אַ פֿיינער פּלאַן, אויף נאמנות!) צווייטענס — האָט דער רב געזאָגט, קען מען אַ אידישען פֿאַבריקאַנט, אַ ר' משה שלינגמאַן, למשל, ניט גלייכען צו אַ פֿאָניע, צו אַ'ן ערל און קיין זאַך ניט: אַ איד פֿערשווענדט ניט זיין געלד, פֿערזויפֿט ניט, פֿערשפּיעלט ניט אין קאָרטען (ערשטענס — האָט דער אַרבייטער בעמערקט — וועל איך דערויף ניט שווערען, און צווייטענס, וואָס קומט דערפֿון צו דעם אָרעמען אַרבייטער?).

— אַ איד — האָט דער רב ווייטער געזאָגט—איז בטבע אַ בעל־רחמים, אַ בעל־טובה, אַ בעל־צדקה. וואו נעהמט מען ביי אונז אין שטאָט אַ שעהנע נדבה?—ביי ר' משה'ן: וואו קריגט מען אַ גמילות חסד?—ביי ר' משה'ן, און רחם אביונים — ר' משה, „תלמוד תורה" — ר' משה, „מעות־חיטים" — ר' משה, וואו נאָר אַ צדקה זאַך — רק ר' משה (פֿריהער טרינקט ער זיך אָן, זיין ר' משה, מיט אָרעמע אַרבייטער־בלוט, אַז עס קריכט איהם שוין פֿון האַלז, נאָכדעם וואַרפֿט ער ווי צו אַ טרוקענע ביינדעל, האָט דער אַרבייטער געמורמעלט). אַזאַ איש נכבד איז גלאַט אַ חטא מעוה צו זיין. שלמה המלך זאָגט, אַז אַ גביר און אַ קייסער טאָר מען אפילו ביי זיך אין חדר ניט שעלטען, ניט וואָס בפרהסיא מאַכען בזיונות! און ועל כולם דאַרפֿט איהר וויסען, רבותי, האָט דער רב ווייטער געזאָגט, איז די גאַנצע וועלט, דער עולם הזה, גלאַט הבל הבלים; די וועלט איז מעהר ניט ווי אַ פֿאָר־הויז צו פֿערפֿיהרען צו יענער וועלט. היינט זאָגט אַליין, רבותי, איז כדאי אין אַ פֿאָר־הויז צו פֿערפֿיהרען עסקים. אַ פֿאָר־הויז לויפֿט מען דורך אַבי ווי, וואָס גיכער, כדי מען זאָל קומען פֿריהער אין זאַל אַריין.

— אדרבא! ווער עס ליידט אויף דער וועלט צרות, וועט אויף יענער וועלט האָבען נאָך מעהר שכר, און די, וואָס לעבען דאָ גוט, וועט מען ווי אָברעכענען פֿון גן־עדן.

— רבי! האָט איבערגעשריען דער אַרבייטער, וועלכער האָט שוין מעהר ניט געקענט איינשווייגען — איך רעכען, אַז דעם שכר פֿאַר דער דרשה אפילו

— אַ וואָסער פֿינף-און-צוואַנציגער — וועט איהר איך קריגען אויף דער וועלט און טאַקי ביי ר' משה שליינמאַן גופא.

דער עולם איז עפּעס ווי בעטויבט געוואָרען, הערענדיג אַזעלבע ווערטער.

— פעטש גיט איהם, אַזאַ שייגעץ! — האָט געשריען אַ דיקער איד פֿון מזרח-וואַנד — אַ צאָהן אין מויל זאָל מען ניט לאָזען אַזאַ מהוצף פּנים!

עס האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן דעם דיקען אידענס טעלער-לעקער: די בטלנים, דער שטוב-שדכן, דער מלמד, די משרתים מיט קולות. וואו איז ער דער עזות פּנים, דער שרץ משורץ, דער טרייפֿניאַק?!

דער אַרבייטער האָט זיך אַרויסגעמאַכט פֿון שוהל, נאָר יעקב'ן האָט דאָס פֿערנומען פֿאַר'ן הארצען. ער האָט זיך אַרויסגערוקט צום אויבען-אָן נעהענטער מיט זיינע גערעכטע טענות.

— וואָס האָט מען צו איהם? פֿאַר וואָס פעטש! ער איז דאָך דורכאויס גערעכט!

— האַלט איהם, דעם הולטאַי! — האָט געשריען דער דיקער איד מיט בעס — דאָס איז פֿון די בונטאָושטשיקעס! שלעפּט איהם אין פּאָליציי! דעם...

אַלע אַרבייטער האָבען אַרומגערינגעלט יעקב'ן, עס איז געוואָרען אַ טומעל און אַ רעש אין שול, אַז איינער דעם אַנדערען האָט ניט געהערט.

עס איז געקומען פּאָליציי — וועלכע עס האָט אונטערגעשיקט איינער פֿון דעם גביר'ס משרתים — און מען האָט גלייך אַוועקגעפֿיהרט יעקב'ן מיט נאָך אַ פּאָר אַרבייטער, וועלכע האָבען זיך פֿאַר איהם איינגעשטעלט, אין צער-קעל (אוטשאַסטאָק).

— אַ פּאַספּאָרט האָסט דו? איז געווען דעם פּריסטאַוו'ס ערשטע פֿראַגע ביי יעקב'ן.

— ניין! האָט יעקב געענטפֿערט.

ער האָט איהם גלייך אַוועקגעפֿיהרט אין אָסטראָג.

＊ ＊ ＊

אין אַ קליינער צייט אַרום האָט מען איהם, ווי אַ בראָדיאַגע, פֿערשיקט אין סיביר.

VI

## וואו איז אָן אָרעמאַן גוט?

אונזערע פֿיער ברידער, אַרעסטירטע און פֿער'משפּט'ע אין בעזונדערע שטעט און בעזונדערע עקען אין רוסלאַנד האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפֿען!

אין דער „פערעסילנאַיא טורמע" אין מאָסקווע, דער זאַמעלפּונקט פֿון די אונ-גליקליכע, וואָס געהען אין סיביר.

— ראובן! שמעון! דוד! יעקב!

זיי זיינען אַרויפֿגעפֿאַלען איינער דעם אַנדערען אויף׳ן האַלז, געקושט זיך און געוויינט...

אז זיי האָבען זיך א ביסעל בערוהיגט און איבערגעגעבען איינער דעם אַנדערען דעם „גוטס", וואָס זיי האָבען געפֿונען, האָט ראובן געזאָגט:

— אָה, ברידער, פאַלט ביי זיך ניט אַראָב. פּערצווייפֿעלט זיין איז גיטאָ וואָס, אמת! לעת עתה איז נאָך זעהר שלעכט אויף דער וועלט, דאָס רוב מענ-שען ווערען אויסגעריסען; לעבען, לעבען מיר ניט אַזוי גוט ווי די קאַפּיטאַליס-טען מיט זייערע שומרים, ד. ה. מיט די טשינאָווניקעס מיט די דוכאָווניקעס, אָבער דאָס איז מעהר ניט ווי לעת עתה, נויט ברעכט אייזען, נויט מאַכט קלוג, נויט לעהרענט, די שרעקליכע נויט, וועלכע הערשט און בעדריקט דעם גרעסטען טייל פֿון דער מענשהייט, וועט אויסלערנען צו קעמפֿפֿען און וועט טרייבען דעם אונטערדריקטען טייל צו אחדות, צו ברידערליכקייט, די אחדות וועט זיעגען, דער אמת וועט זיעגען און עס וועט ווערען אַ נייע וועלט. עס וועט ניט זיין מעהר קיין אויבער און קיין אונטער, קיין קנעכט און קיין הערר, קיין אָרעם און קיין רייך, עס וועלען זיין אַלע גרייכע מענשען און אַלע גלייך רייך. אַלע פֿעלדער, אַלע וועלדער, אַלע פֿאַבריקען, אַלע הייזער וועלען גע-הערען אַלעמען גלייך; אַלע פּראָדוקציאָנס-מיטלען וועלען זיין קהל׳שע, אַלע וועלען גלייך אַרבייטען און אַלע גלייך גוט לעבען און דעמאָלט וועט זיין באמת אַלעמען אָהן אויסנאַהם גוט אין אַלע אופנים.

גליקליך איז דער מענש, זוער עס וועט דערלעבען יענע גאָלדענע צייט! וואויל איז די מענשען, וואָס גיבען זייער לעבען אַוועק, אום גיבער יענע צייט צו ברענגען אויף דער וועלט...

דאָס אַלין, ליעבע ברידער, איז ניט קיין חלום, ניט קיין פֿאַנטאַזיע, דאָס זיינען אמת׳ע, ריכטיגע זאַכען, דאָס מוז אַזוי זיין און דאָס וועט טאַקי באמת אַזוי זיין. מען דאַרף דערצו ניט קיין משיח, קיינע רעדעלפֿיהרער בכלל; דאָס וועט ממילא אַזוי זיין, דער פֿאָלק גופא וועט זיין זיין משיח, נאָר דאָס רוב פֿאָלק שלאָפֿט נאָך דערווייליע פֿון דעם שלאָף-טרונק, וואָס די מלוכה מיט די קאַפּיטאַליסטען גיבען זיי איין... טאָ דאַרף מען איהם וועקען, מען דאַרף איהם פֿאַנאַנדערשאָקלען, ניט לאָזען שלאָפֿען.

אָה, ליעבע ברידער! און מיר, וואָס ווייסען, וואָס זעהען, וואָס פֿערשטע-הען דעם גאַנצען ענין, מיר מוזען אַוועקגעהען איצט אין אַ׳ן עק וועלט פֿערפֿוילט ווערען אין פֿינסטערע אַסטראָגען. ניין, ברידער, טויזענד מאָל ניין! לאָמיר לוי-פֿען... אַהין, וואו מיר זיינען נויטיג, וואו מיר קענען ברענגען אַ נוץ אונזערע **אונגליקליכע ברידער.**

די ברידער האָבען זיך פֿערגעסען אויף זייערע צרות, זייערע פּנים'ער האָבען זיך אָנגעצונדען... זיי האָבען גאָר אָבגעלעבט...

אין גיכען זיינען די פֿיער ברידער געלם געוואָרען פֿון געפֿענגנים.



פֿון דעמאָלט אָן געהען אום די פֿיער ברידער, די וועקער, איבער דער וועלט און וועקען דעם אָרעמען פֿאָלק. קיינער זעהט זיי ניט, קיינער קען זיי ניט, אָבער יעדער הערט זייערע אמת'ע, ברידערליכע רייד און עס געהט איהם טיעף, טיעף אין זינען אַריין, עס הויבט איהם אָן קלאַפּען די האַרץ, עס עפֿענען זיך איהם די אויגען; ער ווערט גאָר אַ ניי-געבאָרענער. און זיי וועלען אַרומגעהען און אַלע וועלען זיך אויפֿכאַפּען—דאַן וועט קומען דער „יום הגדול", דער גרויסער, דער ליכטיגער טאָג פֿאַר אַלע פּראָלעטאַריער, פֿאַר אַלע אונגליקליכע און דערמיט פֿאַר אַלע מענשען בכלל...



# די לעצטע אויסגאבען.

אויף אידיש:

| | [illegible] | [illegible] | [illegible] |
|---|---|---|---|
| פינאַני, די אונטערטהעניגע. אַ דראַמע. | 15 | 3 | $1^1/_2$ |
| שיפפעל, די עקאָנאָמישע איבערקעהרעניש'ען און די ענטוויקלונג פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע. | 15 | 5 | $1^1/_2$ |
| אַ. בונדאָווען, פּאָליטישע פּראָצעסען. | 50 | 10 | 4 |
| אַ בעריכט דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען קאָנגרעס אין אַמסטערדאַם. | 10 | 5 | 1 |
| לאַפּאַרג, רעליגיאָן פון קאַפּיטאַל. | 30 | 7 | 3 |
| די יאַקוטסקער דראַמע (מיט 2 פאָטאָגראַפיעס). | 40 | 8 | 4 |
| ווי האָבען מיר זיך פאַרבאַריקאַדירט. | 10 | 5 | 1 |
| לאַפּאַרג, קאַרל מאַרקס. (פערזענליכע ערינערונגען). | 20 | 5 | 2 |
| קאָוטסקי, פרידריך ענגעלס. | 30 | 7 | 3 |
| פלעכאַנאָוו, דער רוסישער אַרבייטער אין דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג. | 60 | 12 | 6 |
| אידישער אַרבייטער No 15. | 80 | 16 | 8 |
| אידישער אַרבייטער No 16. | 70 | 15 | 6 |

אויף רוסיש:

| | [illegible] | [illegible] | [illegible] |
|---|---|---|---|
| געהיימער בעריכט פון ווילנער גובערנאַטאָר. | 40 | 40 | 4 |
| אַ. בונדאָוויק, שיפּרירטער בריעף. | 2.6 ש., 3 פ., 3 מ. | | |
| וועגען דער רעפּרעזענטירונגס-פראַגע אויף'ן אמסטערדאַמער סאָציאַליסטישען קאָנגרעס. | 10 | 10 | 1 |
| די יאַקוטסקער געשיכטע I. | 50 | 50 | 5 |
| " " " II. | 60 | 60 | 6 |
| " " " III. | 25 | 25 | $2^1/_2$ |
| דער יאַקוטסקער פּראָצעס I. | 20 | 20 | 2 |
| אַ בעריכט דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען קאָנגרעס אין אַמסטערדאַם. | 10 | 10 | 1 |
| וויעסטניק בונדאַ No 1-2. | 40 | 40 | 4 |
| " " No 3. | 40 | 40 | 4 |
| " " No 4. | 40 | 40 | 4 |
| " " No 5. | 40 | 40 | 4 |

אויף פויליש:

| | |
|---|---|
| „גראָם בונדו" No 1. | 25 העללער. |
| " " No 2. | 25 " |
| אַ בעריכט דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען קאָנגרעס אין אַמסטערדאַם. | 10 " |
| אַ נייער בלעטעל אין-דער געשיכטע פון אידען אין רוסלאַנד. | 10 " |



